## די קוקעסטערקע און דער פּאַוו

דער פעטער בערקע,
אַ ייִד אַ וואָכיקער,
אַ קנאָכיקער,
פלעגט אָנהייבן: — דו ווייסט וואָס ס׳הייסט אַ קוקעסטערקע?
אַ קוקעסטערקע מיינט מען אַ טשאַרנאָז.
וואָס קרימסטו מיט דער נאָז?
טשאַרנאָז, דאָס מיינט אַ שטאָרך.
און איצטער האָרך:
אַ שטאָרך, דאָס איז אַ באָטשאָן און אַ באָטשאָן איז אַ בושל.
און דאָ, דו וועווריק, הייבט זיך אָן דער משל:

אַ קוקעסטערקע אויף איין פיסל
געשטאַנען איז ביים סטאַוו
און זיך פאַרקלערט אַביסל
אין קינאה צו דעם פּאַוו:
„ווי רייַך־קאָליריק ס׳איז זייַן עק,
אַ שרעק,
בפרט, ווען ער צעפּעכערט אים אין תאווה
צון איר, דער פּאַווע”...
און ביסלעכווייַז, צום בייזן ווונדער פון איעדערן,
גענומען פוצן זיך אין פרעמדע פעדערן,
וואָס אויפגעקליבן אין איר וואַנדער
פון איין לאַנד צון אַן אַנדער.

(און דאָ פלעגט כיטרענקע אַ שמייכל טאָן דער פעטער בערקע:)
זי האָט משמעות ליב געהאַט, די קוקעסטערקע,
אַרומצוגיין פאַרריסן מיטן שנאָבל,
ווי איינער וואָלט געוואָרנט: „דערעכערעץ פאַרן נאָבל!”,
כאָטש ס׳האָט מיט שלעכטער לופט געטראָגן זיך פון איר...
האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז איר גאַנץ געציר,
צונויפגעשלעפט פון אונטערוועגנס,
איז פרעמדס, געגנבעטס — נישט איר אייגנס...

# אַ קאַטשקע

נישט זעלטן טרעפט אַ קאַטשקע —
האָט שטאַרק הנאה, ווען זי מאַכט אַ גראַטשקע.
גייט-אום, זיך קאַטשענדיק, אַ יוסטע
באַלעבאָסטע,
און שרייַט, טרומייטערט, שעלט,
לייגט-אייַן די וועלט:
הלמאַי מע קריכט אין פרעמדע הויפן
צוליבן פרעסן, זויפן:

„אַ בושה, כ׳לעבן. צוצוזען דאָס אַלץ — פּאַרדריסט.
וואָס נאָר ביַי יענעם — שיין איז, אויך דאָס מיסט...
די פּוסטע בראַוואָ-פּאַטשער!
איז נישט בכּבודיקער פאַר דער קאַטשקע מיטן קאַטשער
צו זיצן דאָרטן, ווו מע קען זיי?
אָך ווען זיי
מייַן עצה פאָלגן און מע היט אין זיך אַביסעלע דעם האָנער —
און אוים מיר פאַניבראַט מיט יעדער גאַנדז און מיטן גאָנער,
דעם גרויסן כוואַט... מיר וואָלטן דאַן געקאָנט אויך היטן
די איידעלע מינהגים אונזערע, די זיטן.
מיר וואָלטן דאָך געהאַט ווער ס׳זאָל אונז ירשענען!...״

אַזוי האָט ליב די קאַטשקע דרשנען,
בשעת איר אייגן קינדווארג — פּעטע ביַיכלעך,
זיך פּליושקען גאַנץ געשמאַק ביַי יענעם אין די טייַכלעך...

## ר׳ פײַטל מיטן גראָבן בײַטל

אין איינעם אַ כאַמסין־טאָג, אין אַ היץ פון יענע היצן —
אַרבעטאַרער בײַ אַ בנין האָרעווען און שוויצן,
גיסן דעם יסוד. אַ בחור מיט אַ פולער טאַטשקע
זיך וואַקלט אין זײַן גענגל, ווי אַ קאַטשקע.
אַ צווייטער, ווי אַ רוח איז אײַנגעטונקען אין צעמענט,
אַליין זײַן מאַמע וואָלט אים נישט דערקענט...
און אַ דריטער בײַ דעם מיקסער* איז דער „ראָש",
הערט נישט אויף קאָמאַנדעווען „דאיאָש!"**

גייט פאַרבײַ און שטעלט זיך אָפּ ר׳ פײַטל,
אַ ייִד אַ ברייטלעכער, און ווי מען שמועסט, מיט אַ גראָבן בײַטל.
דערכעט־אָפּ אַ רגע. ציט אַרויס דאָס טיכל,
ווישט דאָס פּנים זיך, דאָס פּליכל.

— אוי איז דאָס אַ וועלט, —
טוט ער סתּם אַ זיפצל, — אַלץ צוליבן געלט...
כ׳לעבן, חברה, נישט כּדאַי.
הלוואַי

* בעטאָן־מישער.
** פון רוסיש. דאָ געמיינט: דערלאַנג דעם חומר, גיכער.

וואַלט אויסגערונען אין זײַן מוטערס טראַכט
אַט־דער, וואָס האָט די קלינגערס אויסגעטראַכט.
און אַז דו האָסט שוין אַן אַפּטיקע, איז וואָס איז די געדילע?
דאַרט דען נישט דער מוח? מ׳קאָן דאָס נאָך אַוועקקראַצן חלילה.
יאָ־יאָ, — באַשליסט ער, — ס׳געלט איז נאָכנישט אַלץ.

— גערעכט, ר׳ פײַטל, — טוט אַ ווינק איין אַרבעטער צום צווייטן,
און ביידע מיט אַ קרומען שמייכל אים באַלייטן:
„ער קאָן אונז שיטן זאַלץ...
ס׳איז שטענדיק גרינג אַ שיכּור
אײַנצורעדן יענעם, אַז דער ווײַן איז נישט דער עיקר"...

## דער הונט און דאָס אייזל

— וואָס טוסטו דאָ אין אונזער געגנט?
ווען האָב איך דיך דאָס לעצטע מאָל באַגעגנט?
אַ שאָק מיט יאָרן... נו, ווי גייט עס דיר די צײַטן?
זיך כאָטש אַרויפגעאַרבעט, אָפּגעשפּאָרט אַ ווילע, ווי בײַ לײַטן?
געוואָרן אפשר גאָר אַ שטיקל מנהיג, אַ מיניסטער, צי אַ שרײַבער,
צי גלאַט אַ צײַטפּאַרטרײַבער
אין אַ פּאַריזער שליחים-קאַבאַרעט,
באַצויבערט פון אַ יינגער שאַנסאָנעט? —

מיט אַ שמייכעלע, אַ שטעכיקס ווי אַ שפּיז,
אַרײַנגעקיבעצט האָט דער הונט זאַריז.

— ניין, נישט פאַר מיר געדאַכט, זאַריזל סערצע, —
באַקלאָגט זיך פרום דאָס אייזל, — ס׳גאַנצע לעבן מײַנס, דאָס קערצע,
באַשערט פאַרשוואַרצט צו ווערן, שלעפּן זאַמד, כאַצאַץ.
נישטאָ קיין צײַט אפילו זיך צו טאָן אַ קראַץ,
און אַלץ צוליבן קײַ, מישטיינס געזאָגט, צוליבן גרעזל.
געבליבן, ווי דו זעסט, גאַנץ אָרנטלעך אַן אייזל...
און דיר ווי גייט עס בײַ דײַן באַלעבאָס? געהערט דאָ בײַם געוועלבל,
מ׳האָט לעצטע נאַכט בײַ אים אַוועקגעפירט אַ קעלבל.

— כ׳על זאָגן דיר דעם אמת —
כאָטש דאָס צו טאָן, נישט אַלעמאָל באַקוועם איז —

ביַי די געשעפטן, צום באַדויער,
איז גלײַכער, אַז מע האַלט פּאַרוואַטעוועט דעם אויער...
פאַראַנען אויף דער וועלט גאַנאָוון אַלערליי...
מײַן באַלעבאָס איז בעסער, מיינסטו? מערער לײַט פון זיי?
אַז וואָס זײַן קו דערגיט נישט אין דער קאַן,
דערגיסט ער פונעם קראַן...
גענוג שוין, אוי גענוג צוליב די מעשׂים זייערע געליטן.
זיי — גאַנאָוון, — איך — זיי היטן?
אַיעדן אָוונט, ווי איך לעק נאָר אוים די טעלער,
איך טראָג מיך אָפּ וואָס שנעלער
אין סטינע צו די ציגן מיטן באָק
און לייג זיך שלאָפן: כ׳האָב זיי אַלעמען אין טראָק.

# אַ קו – אַ בהמה...

— כ׳פֿאַרשטיי נישט, פֿריַינט, ס׳איז מיר אַביסל קשה, —
קלאָגט זיך פֿאַרן הונט די קו, —
טו אַ טובהלע, דערקלער כאָטש דו
פֿאַרוואָס דער מענטש — אָן בושה,
זיַין באַנעמונג — אַ געמיינע.
לוידיַי איך גיב אים מילעך, רופֿט ער מיך בהמה.
אַ חידוש. גראָד דער מענטש, אין בילדונג אַזאַ עושר,
און נישט קיין ברעקל דאַנקעוודיקייט, יושר.

— אַזוי, — באַטראַכט דער הונט מיט חוזק אונזער קו, — אַזוי...
כאָטש נעם און גיב איר קיַיען שטרוי.
וווינט, מיר דאַכט, נישט וויַיט פֿון תל־אביב —
און ווי נאַיִוו!
דאַנקעוודיקייט, יושר... אַדי אַלע טענות —
אָפּגעשלאָגענע הושענות.
זעט־אוים, דער שׂכל איז ביַי דיר אין דיַינע הערנער.
כ׳לעבן, ציַיט צו ווערן אויפֿגעקלערט, מאָדערנער.
נאָר וואָס איז דאָ צו בריַיען פֿיל?
נעם, למשל, טאַקע דעם באַשפּײַזער דיַינעם כיל,
דער פֿיַינער העלד
מיט דער נאָז, דער אייביק נאַסער,

ביידע גיט איר עפּעס דאָך דער וועלט:
דו גיבסט מילעך, ער — גיט וואַסער...
און דערביַי, טוט אים כאַטש אַמאָל דאָס הארץ אַ קלעם
וואָס ער פאַרטאַכלעוועט דיַין רעפּוטאַציע, דיַין שם?
יאָ, שוועסטער, אויב נאָך אַלדי שפּיצלעך, די געהיימע,
דו לאָזסט פון אים זיך מעלקן, ביסטו טאַקע אַ בהמה.

חיפה, 1953

## די קליאַטשע און דער האָז

אַן אַלטע קליאַטשע (שײַנט, ר׳ מענדעלע, דעם זיידנס...)
פֿאַרטראָגן האָט דער גוטער יאָר ווו, אין אַ דערפֿל, אַ באַשיידנס,
און דאָרטן — וואָס איז שײַך? —
געלערנט זיך דעם אַקער פֿירן, זײַן אַ פֿערד מיט לײַטן גלײַך...

איין שבתדיקן, לויטערן פֿרימאָרגן,
ווען עולם רוט די ביינער אויס פֿון פֿראַצע און פֿון זאָרגן,
די קליאַטשע אין אַ פֿרעמדן פֿעלד פֿאַרבלאָנקעט
און גאַנץ געשמאַק זי ציפּט און כראָמקעט
דאָס גרינע גראָז.
דאָ יאָוועט זיך דער האָז,
וואָס מיט זײַן נעזל הערט נישט אויף צו שמאָרען:

— איך זע, מײַן ליבע קליאַטשע,
שפּאַצירסט אַרום אין פֿרעמדן פֿעלד, ווי אויף אַ דאַטשע,
קאָנסט אַלץ נישט אָפּגעוויינען זיך פֿון שנאָרען.
ס׳גענוגט דיר נישט דאָס אייגן פֿעלד, אַוווּ דו גייסט אין אַקער.
די פֿרוכט פֿון יענעמס מי איז דיר נאָך אַלץ געשמאַקער.

— אין דײַנע טענות ליגט דער ענפֿער. זאָלסט נישט מיינען
פֿון שנאָרערײַ איז גרינג זיך צו אַנטוויינען.

ס׳איז אויכעט אַ פּראָפּעסיע, פּאַך מיט אַלע פּאַכן,
מעגסט לאַכן.
כאָטש צוגעוויינט זיך שוין צום אַקערשפּאַן צו ביסלעך
און דאָך — הלמאַי כ׳זאָל לייקענען? — ווי זיסלעך
די פּרוכט פון אייגנמי איז צו געניסן,
שמעקט נאָך אַלץ געשמאַק דער פרעמדער ביסן...

# די ווײַסע בריל און די טונקעלע

אין שיידל, אויסגעבעט מיט זײַד, אין אַ וויטרינע
געלעגן איז אַ ווײַסע בריל,
און איר בײַם זײַט, באַשיידן, שטיל —
אַ טונקעלע, אַ גרינע.
באַליידיקט זיך די ווײַסע:

— געהערט אַ מײַסע!
ס׳איז גאָרנישט צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס ר׳ קוניע,
דער אַלטעטשקער לווילוניע,
האָט דיך אַרויסגעשטעלט דאָ לעבן מיר.
נישט אַנדערש, עובר־בטל אויף די אַלטע יאָרן,
אים אײַנגעפֿאַלן איז צו רעקלאַמירן דײַן חסרון.
ס׳איז קלאָר, מײַן ליבע,
בלויז דו אַליין — די סיבה
פֿון גאָרן פּעסימיזם אויף דער וועלט.
אַז אַלץ אַרום, וואָס זעט־אויס קלאָר, צעהעלט
און פֿײַער־פֿינקל,
באַוווײַזסטו טינקל...
אַ קינד אין וויג שוין ווייסט דערפֿון,
אַז אויך דער זון
פֿאַרחושכסטו דאָס פּנים.
אַ חידוש וואָס געפֿינסט אויף זיך בעלנים...

— אַ ליגן, — מאַכט די טונקעלע, — נישט ריכטיק.
אַדאָס, וואָס איז באמת שיין און ליכטיק,
געפעלט דעם אויג אָן שיעור
אויך ווען סע קוקט דורך מיר.
נאָר ווען די נויט ט׳זיך אָנגעזעצט בײַ איינעם אויפן קאַרק,
צי ווען ס׳איז עפּעס פויל בײַ אונז (נישט בלויז אין דענעמאַרק...)
און מ׳האַלט דעם יושר טיף אין דער אדמה,
און ס׳לאַקערט די סכּנה ווי אַ הונגעריקע וועלפן, —
איז אויכעט דו, חכמה,
קאָנסט ווייניק־וואָס דאָ העלפן.

## דער הירש און זײַן הירשנטע

דער הירש איז מיט זײַן הירשנטע פֿון שטײַג אַנטרונען
צוריק אין וואַלד אַרײַן און ווי נישט איז געפֿונען
אַ ווינקעלע, אַ נאָרע,
נ׳מיט אַפּעטיט, קענאָרע,
געקײַט פֿון אַל׳ץ, וואָס האָט זיך נאָר געמאַכט.

נאָר פּאַר קיין הירשל נישט געדאַכט,
נישט לאַנג באַשערט געווען דאָס גליק.
די הירשנטע האָט אָנגעהויבן פּראַווען שטיק.
דערגאַן
דעם מאַן
די יאָר. אויף יעדן טריט־און־שפּאַן
די לייבער אים גענומען:

— אַז וואָס האָט מיר געטויגט אַהערצו קומען?
מע מוז אַוועק פֿון דאַנעט, נ׳טאַקע — באַלד!
גאָר פֿרײַיהייט האָט זיך אים פֿאַרגלוסט, אַ וואַלד.
ניכײַ וואָלט ער געברענט,
אוי טאַטע זיסער, איידער איך האָב אים דערקענט
מיט זײַנע ווילדע זיטן!
אַז יעדן אויגנבליק — זיך היטן...

דער הירש, דערשיטערט,
קוקט־אָן זײַן פֿלוניתטע פֿאַרביטערט:

— אוי יִידענע, יִידענע,
געזען דיך אַמאָל אַ צופרידענע?
זיך אָנגעטשעפּעט אין דעם וואַלד, און מאַכט אים מיט דער בלאָטע.
האָט איר געקוילעט די קאַפּאָטע...
אָט זע ווי שלווהדיק ער שטייט און גאַפט אויף דער לבנה
און שעפּטשעט איר אַ דאַנק פאַר שיקן אירע שטראַלן במתנה.

יאָ, מײַן ליבע, נעם געדולדיק
און צעקײַ עס:
נישט דער וואַלד איז שולדיק,
נאָר די חיות...

## דער פוקס און דער הונט

ווי ס׳איז באַקאַנט פאַר אַלע מענטשן-לייַבער,
איז פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן שרײַבער,
אַבי ער קען
מיט דער פען
נאָר גראַבלען,
עקספּלאָאַטירט דעם פוקס אין זײַנע פאַבלען.
איין קליינינקייט...
דערלויב איך אויך מײַן ווייניקייט
עפּעס אײַך דערציילן פון אַ פוקס,
דע-לוקס.

געשטאַנען איז דער סטאַטעק בײַ דעם גאָרטן-פּלויט אין קלעם,
זיך געראַנגלט מיט דער ביטערער פּראָבלעם:
„גיי זײַ אַ חכם בײַ דעם הונט, דערקלער אים
ווי פּאַסט סע איז בײַ דיר אין די געדערעם״...
דאָך פאָרט אַן עצה זיך געגעבן:
נעמט זיך קלאָגן פאַרן כלב אויף זײַן בידנעם לעבן,
דערבײַ אַ היבשע דאָזע נישט-געשטויגן פּײַן פאַרבראַקט שוין.
און דער הונט מיינט תורת-לאַקשן,
אין פּײַנלעבן באַדויער
מיט דער לאַפּע קראַצט זיך אַזש אין אויער.

דער פוקס געזען: ס׳איז אים געלונגען,
די לוסט צום האָוקען בײַ דעם הונט באַצוווּנגען,
טוט אומשולדיק אַ פרעג:

— ווּעסט אפשר מיר דערלויבן
עפּעס טועם זײַן פון דײַנע טרויבן?

— בכּבוד־גדול, פּראָשע פּאַנאַ, ביטע, —
מאַכט דער הונט, — וואָס רעכנסטו, כ׳על זאָגן ניטע?
דערכאַפּט זיך ס׳האַרץ אַביסל מיט די טרויבן,
דערפילט זיך זיכערער דער פוקס און קאָן זיך איצט דערלויבן:

— דו ווייסט דאָך די מינהגים פוקסישע, געירשנט פון די באָבעס,
איך מיין מכּוח אַ הינדעלע אויף שבת.
און דער הונט, אַ טאַטנס זינדל,
איז דעם פוקס מכבד מיט אַ הינדל.
אַרײַנגעפּאַקט דאָס הינדל, שעמט זיך נישט דער פוקס
אין זײַן גאַנצן וווּקס:

— ווייסטו וואָס דיך פרעגן וויל איך?
צי וואָלט איצט נישט געשאַדט אַ קאַפּל מילעך?

זיך אָנגעזשליאָקעט מיט דער מילעך, בעט ער נאָך דערצו אַ בלימל.
און שמעקנדיק דאָס בלימל,
וויל ער ביַי זײַן חבר סתּם־אַזוי־זיך וויסן:
צי ווּעט אים נאָך אַמאָל באַשערט זײַן צו געניסן
דאָס טעלערל פון הימל.

# אומלעגאַלע שחיטה

— ווי געפעלט דיר, ירדנה, —
פרעגט איין קו דער צווייטער, —
ווי געפעלט דיר די סצענע
ווי ס'האָט היינט אָפּגעשפּילט אָט־דער...
ווי רופט מען אים... דער קאָנטראָלער.
זיך געבייזערט אויפן באַלעבאָס
למאַי און פאַרוואָס
ער האַלט אונז פאַרשפּאַרט אינעם שטאַל
אומלעגאַל.
„איר'ט שוין זען", האָט ער אים געוואָרנט : „וואַרטס.
איך ווייס שוין לאַנג אַז איר קוילעט אויף שוואַרץ!"
צי איז ער נישט גערעכט?
און אונזער באַלעבאָס, דער פיינער העכט.
אַזאַ נישטיקער כאָם,
מיינט אַן אמתן — אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאָם, —
סט'געזען ווי ר'איז געשטאַנען אָפּגעשמיסן
און אַ בלייכער זיך געביסן
די וואָנצעם?

— שמאָנצעס! —
ענפערט די צווייטע, —
נאָר אַ ווייטיק וואָס דו,
אַ קו,

קענאָרע אַזאַ היבשע,
ביסט נעבעך אַ טיפּשה.
דיר ליגט אין קאָפּ דער סקאַנדאַל.
וואָס איז אונז דער חילוק: לעגאַל — אומלעגאַל,
גערעכט —
שמעכט?
ווייניק ווונדן, און דו שיטסט נאָך זאַלץ.
סײַווי ליגט דער חלף אויפן האַלדז.

חיפה, 1952

## דאָס טעשל קאַרטן און דאָס ספר

אין ספרים־שאַנקל, אויף אַ ספר, אַ באַיאָרטן —
ירושה פונעם זיידעניו ר׳ מעשל —
געלעגן איז אַ טעשל
קאַרטן.
האָט דאָס פאַרדראָסן שטאַרק דעם ספר:

— פון חזיר טרייפער!
און סאַראַ חוצפּה, ווײ־איז־מיר, כאַטש נעם און שרײַ
געוואַלד. לוידײַ
פאַרנאַרט און צוגענומען ווי אַ לערנער, לייענער,
שוין יאָרנלאַנג ווי ס׳נעמט מיך קיינער
אין האַנט, האָט דאָס אַרויפגעזעצט זיך אויפן קאָפּ.
אַראָפּ פון מיר, דו מזיק איינער, שוין זאָלסטו אַראָפּ!

— אַ סברה, —
צעחכמהט זיך דאָס טעשעלע, — אַז צערנען איז עבודה־זרה.
דאָס ווייסטו בעסער דאָך... מיר שײַנט,
אַז דו וואָלטסט גאָר באַדאַרפט מיט מיר זיך גרייסן.
סע האָבן מענטשן ליב מיך נישט פון היַינט.
אַזש מיטן נאָמען „תהילימל" געקריינט. וואָס בין איך אויסן?

בײַ מיר זײ קאָנען אָן א שיעור פאַרװײַלונג באָרגן,
פאַרגעסן אַלדי דײַגעס, זאָרגן.
װאָס שײך דו מיט דײַנע שװער-געװיכטיקע פּראָבלעמען —
װי הײסן זײ דאָרט... זאָל דער גוטער יאָר זײ נעמען —
איז לױט מײַן דעה,
ליגסט זײ נישט אַפילו אין דער לינקער פּאה...

## דער פייגלשרעקער און דער קירבעס

קודם:
דעם הויז — געפונען אויפן בוידעם,
דער שלאָפראָק — אַ ירושה פון דער עלטערבאָבען
דאָבען,
דעם שטרויהוט, מעשׂה כוואַט,
אויפן זײַט,
שטייט דער פייגלשרעקער אינעם גאָרטן, פּאַכעט מיט די אַרבל.
זעט ער ווי דער קירבעס, גלאַט און ווײַס ווי מאַרבל,
צווישן בלעטערוואַרג איז זייער טיכטיק —
פאַרטאָן אין וואַקסן... ווילט זיך אים זיך מאַכן וויכטיק:

— העי, דו גראָבער פּעמפּיק איינער!
אַזאַ פאַרנעם ווי דו, אַ יונג מיט ביינער,
ליגט דעם גאַנצן טאָג אין בלעטערדיק געצעלטל,
האָט מורא מ׳קאָפּ אַרויסצושטעקן אויף גאָטס וועלטל.
נישט ווי איך, למשל, שטיי אַ שטאָלצער און אַ פרײַער,
און זדרעפּע נישט פאַר וואַסער, נישט פאַר פײַער,
און בײַ מײַן קלענסטן ריר, און מינדסט באַוועגל
צעפליִען זיך, דערשראָקענע, די פייגל.

— נישט דערפאַר, מײַן ליבער,
ווײַל דו — אַ גרויסער גיבור, —
ענפערט קירבעס מיט אַ שמייכל: —
די פייגל זענען טיפּשים, האָבן נישט קיין שׂכל.

## גאָרילע זאַמבאָ און די זשיראַפֿן

גאָרילע זאַמבאָ, דרײַצן טעג נאָך ראָשעשאָנע,
נאָכדעם ווי געמאַכט אַרום דעם וואַלד אַ טור,
געקומען איז צו דער מסקנא:
ס'איינציקע, וואָס פֿעלט דעם דזשונגל, איז אַ ביסעלע קולטור.
און רעפּערירנדיק בײַ דער זשיראַפֿישער אָרגאַניזאַציע,
באַטאָנט דער אויסגעצייכנטער עסטעט ר' זאַמבאָ:

— קולטור, דאָס איז די סאַמע סמעטענע פֿון דער ציוויליזאַציע,
יאָ, די סאַמע סמעטענע... און גלײַכצײַטיק אַ דאַמבע
קעגן באַרבאַריזם, שווינדלעריזם,
און שמדיזם, און שונדיזם, און ציניזם,
און־און... הכּלל, ס'איז אַזאַ מין גוואַלדאָווגער צימעס,
אַז וויפֿל זאָלסט אים נישט געניסן, ווערט ער דיר נישט נימאס.

בײַם סוף פֿון רעפּעראַט, ווען אַ זשיראַף
בעט בײַ אים זײַן אויטאָגראַף,
ווערט קלאָר פֿאַר יעדן איין,
אַז ער אַליין,
וואָס האָט געריבן דאָ קולטור אַ שעה, אַ קנאַפּע,
הייבט גאָרנישט אָן צו וויסן ווי מע נעמט אַ פּעדער אין דער לאַפּע.

## דאָס פערד און דאָס ציימל

אווריימל באַלעגאָלע שפּאַנט דאָס פערד אין וואָגן,
נעמט דאָס פערד פאַר אים זיך קלאָגן:

— איך אַרבעט שוין פאַר דיר אַ קײַמא־לן פון אַ יאָר דרײַ,
צי בין איך נישט געהאָרכיק, בין איך נישט געטרײַ?

זעצסטו זיך אַרויף נאָר אויף דער קעלניע — גיי איך,
הייבסטו אָן צו דרימלען — שטיי איך,
טוסטו נאָך אַ זיפּצל — אײַל איך צו פאַרגרינגערן די דאָליע,
זע איך, אַז דו שמייכלסט — שפּאַן איך מיר פּאַוואָליע.

פאַרשטיי איך קוים, אווריימל,
צו וואָס אין מויל דאָס ציימל?
מע וואָלט געדאַרפט פאַרבאַטן עס יורידיש.
סע רעגט מיך אויף און מאַכט נערוועזיש,
נאָך מערער ווען דו זידלסט מיך אויף יידיש
און גיבסט מיר עסן אויף העברעיִש...

— נו־נו געגאַנגען! — טוט אַ שמיץ דאָס פערד אווריימל, —
דײַנע טענות — זייער גלאַטיק.
דאָך ווען נישט דאָס ציימל,
ביסטו גאָרנישט אַזאַ סטאַטעק.

חיפה, 1955

## דער פוקס און דאָס בערל

אַ פוקס אין אַ לבנה־נאַכט, אַ בלאַסער,
האָט לאַנג אַרומגעזוכט אַ קאַפּל וואַסער.
בײַם פוס פון באַרג געפונען
אַן אַלטן ברונעם,
ווו ס׳הענגען אויפן שעפּראַד די צוויי עמער אויפן שטריק.
און נישט געקלערט קיין סך, האָט גאַנץ באַקוועם ער
אַרײַנגעזעצט זיך אין אַן עמער,
אַראָפּגעלאָזט זיך אין דער טיף געניסן.
נאָר וויאַזוי זיך אויפצוהייבן קריק —
ער הייבט נישט אָן צו וויסן.

זיצט ער אויף געהאַקטע צרות און אַרויפצו אויבן
ער שיקט די בליקן. פּלוצלינג, נישט צום גלויבן,
די מאָרדע פון אַ בערל זיך באַווײַזט,
אַרום דעם מויל פון ברונעם קרײַזט.
און גלײַך דער פוקס שלאָגט־אָן אַ צאַרטן טאָן:

— איך זע: מײַן פרײַנט איז דאָרשטיק. יאָ, מע קאָן,
אַבי מע וויל נאָר...
דאָס האָט אַמאָל געהאַט געזאָגט דער ווילנער,
אַליין כ׳האָב דאָס פאַרנומען, לאמור:
דו זעץ זיך נאָר אַרײַן אין עמער
און קום אַראָפּ. מיט קאַלטן טרונק וועסט זיך דערפרישן.
סע פעלט נישט אויך קיין פישלעך דאָ צום פישן.
ס׳עט זײַן פאַר מיר אַ כּבוד צו פאַרברענגען

מיט אַזאַ פּרינץ ווי דו, בשעת מיר אויף די עמער הענגען.

ס'איז בערלען אַזש די סלינע פֿונעם מויל גערונען,
און אויפֿגעזעצט זיך אויפֿן עמער, זיך אַראָפּגעלאָזט אין ברונען.

נאָר אין דער טיפֿקייט, אַ באַזינטן,
מיט איינגענעצטן הינטן,
איז שווער אים צו באַנעמען, גלויבן:
בשעת ער איז אַראָפּ, דער פֿוקס אַרויף איז אויבן.

## אַ פּרינץ — אַ פּאָעט

געווען אַמאָל אַ פּרינץ,
וואָס האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז אַ פּאָעט, במחילה.
באַפֿעלט ער אין זײַן פּאַטערס אַ פּראָווינץ
די אונטערטאַנען אויפֿצובויען אים אַ ווילע.

דאָס בידנע פֿאָלק, נאָך לאַנגער, שווערער מי,
האָט אויפֿגעבויט אַ פּאַלאַץ ווי־נישט־ווי,
און מיט פּאַראַד־מוזיק און בלומען
איין שיינעם טאָג דעם גדול אויפֿגענומען.
נאָר ס'האָט דער פּרינצלעכער סאָנעטן־שמיד
געבראַכט מיט זיך אַ ליד,
ווו ר'האָט דעם אויסזע פֿונעם פּאַלאַץ לויט זײַן דמיון אויסגעמאָלט
און דאָ געזאָלט,
ווי ס'האָט זיך אים געחלומט, ווערן גאָר באַרימט.
איצט זעט ער, אַז דער גאַנצער פּלאַן — ניט שטימט.
די ווילע זעט גאַנץ אַנדערש אויס ווי אין זײַן ליד באַשריבן.
דעריבער, מיינט ער, איז געבליבן:
צעוואַרפֿן אַלץ און נעמען זיך צום איבערבוי,
אַז די סטרוקטור זאָל שטימען מיט זײַן ליד גענוי.

די אונטערטאַנען, נישט אַרויסצוווײַזן מינדסטן וואַקל,
צוריק די אַרבל זיך פֿאַרשאַרצט צום איבערבויען דעם פּאַליי.
בייזע צינגער ווילן האָבן, אַז בעסכאַקל
איז ס'ליד נישט ווערט געווען קיין אויסגעבלאָזן איי...

## אַ לייב — אַ תּלמיד־חכם

געקומען איז דער פוקס זיך מיטן לייב אַן עצה האַלטן:

— אַדוני מלך, ס'איז שוין מערנישט אויסצוהאַלטן.
מילא, ווען דער עולם הונגערט און איז בייז, פאַרצאַרנט,
מוז מען זײַן געוואָרנט...
וואָס טוט מען אָבער ווען מ'איז, גאָט צו דאַנקען, זאַט
און ס'ווילט זיך דענצמאָל גלאַט
מיט עמיצן פּאַרפּירן אַ וויכּוח, אויסבײַטן אַ וואָרט
וועגן העכערע ענינים, פון אַדעם־אַ סאָרט,
אין וועלכן איך שוין לאַנג מיך איב,
פיל איך ווי מען האָט מיך, נישט פאַר דיר געדאַכט, נישט ליב,
מען מײַדט מיך אויס
פון קליין־ביז־גרויס.
סײַ ביים וואָלף און סײַ בײַם הירש בין איך נישט נושׂא חן,
און טאַקע אויך נישט... הם... בײַ דיר אַליין.

— איך גלייב, —
מאַכט גאָר אַן אומצופרידענער דער לייב, —
ס'אַ ביסעלע צו פיל פאַר מײַנע נערוון מידע.
וואָס ביסטו דאָס אַזוינס? אַ בת־יחידה,
וואָס נאָר מען מוז דיך ליבן?
אין וועלכן ספר פראַלניק שטייט געשריבן?

צווייטנס, טו אַ פרעג בײַם אויערהאָן און בײַ דער סאָרנע
ווען מען האָט מען יאָ ליב דאָ, אין אונזער פּיאָרנע * ?...
דריטנס, איַי דו טיפּש איינער, קליינגעוויקסל,
ווער הייסט דיר זײַן אַ פּיקסל ?
זײַ אַ לייב, ווי איך... און דענצמאָל, ווי געשריבן אין דער תּורה :
יפּול עליהם פּחד — ליבט מען דיך פאַר מורא...

---

* טרינקהויז, דולהויז.

## דער וואָלף — אַלס הערשער פון אַ וואַלד־ראַיאָן

דער וואָלף, אַרויפגעאַרבעט זיך צום אויבנאָן —
אַ הערשער פון אַ גאַנצן וואַלד־ראַיאָן, —
אין טונקעלן געדויש פון די געוויקסן
פאַראָרדנט שטרענג די פיקסן:

„זײַט גרייט, ממזרים, הײַנט באַנאַכט אַביסל אונטערשוויצן.
מעג דונערן און בליצן,
מיט צעבערס גיסן, —
איר מוזט באַזאָרגן אונז אַ פעטן ביסן,
אַז פראַוועון זאָלן מיר אַ סעודהלע כיד־המלך...
איז איַידע, נו! זיך אויפגעהויבן — און וילך!"

און ווען די פיקסן אים געבראַכט מיט גרויס יסורים
אַ זיבן הינדלעך מיט אַן אינדעטשקע אויף פּורים
נ'מע פראַוועט גאַנץ געשמאַק די סעודה,
פאַרגלוסט זיך וועלוועלען דעם עולם טאָן אַ נודע
„ווי פײַן ער פירט די אָרדנונג דאָ, אַ שטילע,
און זאָרגט פאַר יעדן בירגער, ר'זאָל נישט הונגערן, חלילה".

— אַוואַדע, — מאַכט אַ קניקסל
און טוט זיך אַ צעזינג אַ פיקסל, —

מיר דאַרפֿן, כ'לעבן, נאָר מיט דיר זיך בענטשן.
דו פֿירסט זיך שיער נישט ווי די מענטשן.
אויך דאָרט, בײַ זיי,
די פּני,
מיט די געפּרעסטע הויזן און געפּוצטע שיך,
זיי שיקן אַנדערע זיך ממיתן און די מעדאַלן נעמען זיי פֿאַר זיך...

## אַ האָן מיט טאָלעראַנץ

ווי נאָר די פרוי באַווײַזט זיך אויפן הויף
און פון איר פּאָלע
שפּרייט מיט קערנער פאַר די טויבן,
גיט דער האָן אַ טראָג זיך אין בהלה,
און שוין ער שטייט זיך, דער מחותּן,
סאַמע אין דער מיטן
און אינײנעם מיט די טויבן: פּיק, פּיק, פּיק.

ביים ערשטן אויגנבליק
קאָן דאַכטן: אַ משפּחה וואָלט געגעסן פון איין טעפּל...
באַלד אָבער כאַפּט די ערשטע טויב אַ פּיק אין קעפּל.
באַלד — אַ צווייטע. ביי דער דריטער,
טוט די גאַנצע סטאַיע שוין אַ ציטער.
די פליגל אַ ראַזמאַך,
און שוין זיי זענען אַלע אויפן דאַך.

— העי, הער נאָר,
גרויסער קרייער! צײַט דו זאָלסט פאַרשטיין:
די קערנער —
נישט נאָר פאַר דיר אַליין!

— קאָק-קאָק, דערכערעץ! עפנט ער אַ פּיסקל, —
קראַנק צו וואַרטן ביזקל

כ׳על ענדיקן
און אייך אליין פארשטענדיקן?
איר דארפט נאָך דאנקען וואָס איך בין אַ האָן מיט טאָלעראַנץ
נ׳איר זענט אַרוים, די ביינער גאַנץ.

— נאָך דאַנקען!... ס׳זענען וויל
באַקאַנט אַזעלעכע ווי דו, חכמים, בעלי־טובה.
מען רייסט אַרוים דעם ביסן פונעם מויל,
און ס׳הייסט נאָך, אַז מען טוט דיר טאָן אַ טובה...

## דער דבר־אַחר און דער שטעקן

א דבר־אחר, זיך אַרײַנבאַקומען אין אַ גאָרטן,
האָט דאָרטן,
ווי אַ ברייטער באַלעבאָס,
קודם־כּל גענומען זיך — צו וואָס?
פאַרשטייט זיך, צו דער אייביקער אַכילה.
און די מלאכה ווי באַוווּסט צעווישן חיות און בהמות,
ער קאָן בשלימות...

נאָר מיט דער זעט, ווי ס׳איז שוין לאַנג באַוויזן,
צעשפּילן זיך קאַפּריזן.
און דער חזיר אין איעדער קאַלוזשע, ווי אין אַ שפּיגל,
זיך גאָרנישט ניט דערקענט.
געמיינט: אים וואַקסן פליגל,
גענומען קריכן אויף די גלײַכע ווענט...

— העי, איר בידנע טרוימער, —
וואָרנט ער די פייגל אויף דיביימער, —
צי ווייסט איר וואָס איך בין און ווער?
דאָס רעכט צו זײַן אין גאָרטן האָט נאָר דער,
וואָס זינגענדיק זײַן שיר,
דערמאָנען וועט זיך און אַ זינג טאָן אויך פון מיר...

און ווי ער דאַבערט אַזוי שיין,
דערזעט דעם גערטנער מיט אַ שטעקן גיין.
אַ רגע אים באַטראַכט פון אונטער זײַנע ווייעס
נ׳גענומען אָפּטראָגן זײַן חשיבות...

---

דערפון נישט שווער איז צו אַנטפּלעקן:
ס׳בעסטע פאַר אַ חזיר: ווײַזן אים אַ שטעקן.

## דער פּאַראָם־פירער

כ׳דערמאָן זיך: איינמאָל האָט דער נעסטער —
וואָס ליב איז מײַן זכּרון ווי אַ שוועסטער —
גענומען שווילן. מעכטיק איז געוואָרן זײַן געשטראָם.
און בײַ זײַן ברעג זיך הוידעט אַ פּאַראָם
אַרויפצונעמען פּויערן, אַריבערשיפן
די ברויזנדיקע טיפן.

די פּויערן, ווי ס׳וואָלט די ערד געוואָרן זיי צו ענג,
זיך שטופּן בײַם אַרויפגאַנג אין געדרענג.
און דער פּאַראָמשטשיק אַרבעט מעשׂים, שוויצט,
ווײַל גראַדע איצט
דערשנאַפּט דעם ריכטיקן מאָמענט.
קאָמאַנדעוועט ער און אַ וועלט ער ברענט:

— נו גיכער, טײַבעלעך, גערירט!
גיט אַכטיק נאָר: די קניפּלעך נישט פאַרלירט...
אַ האַלבן ריבל בלויז, פּאַר זכר און נקבה
אַרײַנצוגיין אין נוחס תּיבה.

פּאַקט־אָן, ווי הערינג אין אַ פּעסל, דעם פּאַראָם דער „שטיפער"
און דער פּאַראָם אין וואַסער זעצט זיך טיפער.
דער עולם אַנגסטיקט נישט צו ווערן פון אַ אינד אַראָפּגעוואַשן,
און ער דערווײַל שטאָפּט־אָן מיט געלט די טאַשן.

## די מורדים און דער קיניג

אָפּגעלערנט זיך, ווײַזט־אויס, פון אונז די פירעכצן, העוויות,
האָבן איינמאָל אינעם וואַלד די חיות
די נאַרע פונעם לייב באַלאַגערט,
זיך צערעוועט און צעגראַגערט:

— הבה נתחכמה, — בייזערט זיך דער טיגער, —
שוין צײַט מיר זאָלן ווערן קליגער.
גענוג געליטן און געשוויגן.
וואָס, מיינט ער, זענען מיר דאָס, ציגן?

— אויב אַ קיניג, — ברומט אַ בערל, — אַלט־געשטייגערט,
טאָ וואָס־זשע מאַכט ער זיך געפייגערט?
פאַרברענגט די טעג, מיט אַלדעם גוטן זאַטע,
און האָט דעם דזשונגל אין דער לינקער פּיאַטע.

— ריכטיק, — קווויטשען מאַלפּעס, — שוין גענוג גענאַרט אונז:
אָקום־פּאָקום.
מער באַנאַנעס גיב אונז, קאָקום!

— גוט, — פּאָטאַקעוועט דער שפּאַרבער, — וואָס איר רײַסט אַרונטער
אים די מאַסקע.
פאַרשיקט אים קיין אַלאַסקע!

דער לייב, אַנטשלאָפן אין דער פּראַגע
ווי צו האַנדלען אין אַזאַ נישט־פויגלדיקער לאַגע,

טרעט-אַרוים גאַנץ רויִק פון זײַן נאָרע אויף דער פעלדזן-טרעפּ.

— אַ וויסטער חלום, — הייבט ער אָן, — אויף מײַנע שׂונאימס קעפּ.
וואָס האָט איר זיך צעיאַכמערט, וואָס?
וואָסער קיניג בין איך דאָס?
אויב איר האָט נישט וואָס צו פּיסקעווען — לפיכך
וואָס בין איך אײַך
שולדיק? צי לעב איך נישט ווי איר, פון האָרעוואַניע?...
דאָס האָט דער צווייפיס, אין זײַן גרויסקייט-מאַניע,
אָדער־אָ, וואָס די גאַנצע וועלט ז'איִם ווייניק,
צוגעטשעפּעט מיר דעם קיניג...
בשעת איך, ווי וואָר איר זעט מיך שטיין אויף מײַנע פּיר,
איך הונגער גאָרנישט ווייניקער ווי איר...
אוי, — טוט ער אַ קרעכץ, —
ווי לאַנג שוין אַז מײַן קישקע נים דערקוויקט מיט עפּעס רעכטס.
אומזיסט איז אײַער טומלען דאָ און האַווען.
אויב אײַך האָט זיך פאַרגלוסט אַ לײַטיש סעודהלע צו פּראַווען,
אַדרבא! נאָר זעט צעווישן די פאַרבעט-אַדרעסן,
למען-השם, ר' לייבקעס נישט פאַרגעסן...

## צוויי שכנים

ס'האָט איינס פון יענע קריכערלעך, די קליינע,
וואָס וווינען אין די בעטן-ווינקלען, זיך געיאָוועט צון איר שכנה,
געקומען אין אַ טאָג, אַ שוואַרצן
אַראָפּצוורעדן זיך פון האַרצן
ווי ביטער ס'איז איר נעבעך, זויער.
נ'די שכנה מיט באַדויער:

— באמת, אונזער לעבן ז'גאַרנישט פריילעך.
די ראָד פון אונזער גורל דרייט זיך קוים, פּאַמעלעך.
נאָר דו זעסט-אויס ווי סאַמע אויפן דעק.
ווי אויסגעדאַרט,
און אײַנגעקוואַרט
אַ שרעק.

— מײַן באַלעבאָס, — זיך קלאָגט דער גאַסט, — דער טרעגער איצל,
אַנו פּראָביר אים טאָן אַ קיצל,
ווי דאָס נעמט וואַרפן זיך און מאַכט דעם טויט.
אַ לעקסיקאָן פאַרמאָגט דאָס, אַז אַ קאָזאַק וואָלט געוואָרן רויט...
דערצו נאָך די אָבלאַוועס, די מגיפות,
נ'די שריפות... אוי די שריפות!
אַ מערדער איז מײַן באַלעבאָס, אַ רשע.
און דיר ווי גייטס? דו זעסט-אויס גאַנץ נישקאָשע.

— בײַ אונז, — זיך רימט די צווייטע, — איז די לופט מער־ווייניקער
אַ פֿרײַע.

און שטאַרבט אַן אונזעריקע, האָט זי אַ לוויה,
אַ גאַנץ בכּבֿודיקע... יאָ, מײַן באַלעבאָס
איז גאָרנישט דאָס,
וואָס דײַן, דער תּם־מה־אומר.
אַ מײַנער איז, פֿאַרשטייסטו מיך, אַ פֿאַנטאַזיאָר, אַ טרוימער,
איז אָנגעזאַפּט מיט חכמה, ווי אַ שוואָם.
ער איז אַ קינסטלער, אַ פּאָעט, אַ פֿילאָסאָף, אַן אַסטראָנאָם.
דערין, וווּ צײַט איז אָן אַ גרענעץ,
אַ ליכטיאָר איז די גרייס — אַ געגעץ, —
דערינען טויכט ער מיט זײַן גאַנצער קענלעכקייט
אַרונטער, ווי אַ טויכער אין די טײַכן.
נו זאָג אַליין, ט׳אַזאַ פֿערזענלעכקייט
פֿאַרנעמען זיך מיט אונזערם גלײַכן?

# דער גענז און דער אַלבאַטראָס

ערגעץ אויף אַ ווײַטן אינדזל,
וואָס זײַן שיינקייט — נישט צו מאָלן מיט אַ פּינדזל,
האָבן די באַוווינער זיך אַ גענז באַשאַפן,
אויפגעבויט אַ טעמפּל, און ווי שקלאַפן,
טאָג-ווי-נאַכט בײַם פלעמלען פון מנורות,
זיך געבוקט, געררייכערט קטורת.

טרעפט זיך איינמאָל: עולם שטייט און איז מתפּלל,
טענצלט „קדוש", פּרעפּלט הלל,
איז אַן אַלבאַטראָס ווי פײַל-פון-בויגן,
אָנגעפלויגן
זיך געטאָן אַ לאָז אַראָפּ
בײַם פעטיש אויפן קאָפּ
און איידער וואָס — צעווישן אונז זאָל בלײַבן —
אָפּגעטאָן, וואָס ס'איז ניט שיין באַשרײַבן.
ווי אַ בליץ פון קלאָרן הימל וואָלט געטאָן אַ שווינדל
און פאַרבלענדט דאָס געצנדינעריש געזינדל,
זענען זיי אינמיטן זייער „גאָט-באַהעפט"
שטיין געבליבן ווי געפּלעפט.
און ווען זיי האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן
צום אויבנאָן,
דערזען ערשט (ווײ-און-אָך!)
דעם גאַנצן בראָך:
ס'האָט דער אַלבאַטראָס
געטראָפן סאַמע אויף דער נאָז.

# דער טײַך און דער גאַסלאַמטערן

בײַם זײַט פֿון װעג,
װאָס פֿירט לענג־אױס דעם ברעג
פֿון אײנעם גאָר אַ שײנעם טײַך,
אַװעקגעשטעלט מען האָט אַ גאַסלאַמטערן.
און װען ס'איז צוגעפֿאַלן נאַכט, געטאָן זיך אַ צעגענעץ,
האָט אױסגעזען װי גלײַך
פֿון הימל װאָלט אַראָפּגעפֿאַלן דאָ אַ שטערן.
די כװאַליעס האָבן זיך צעשׂימחהט אָן אַ גרענעץ.
געװען אין גרױס פֿאַרבליף
װי ס'נעמט דאָס ליכט זײ דורך ביז טיפֿסטער טיף,
און נאָך דערצו איעדער כװאַלינקע באַזונדער
באַצירט מיט ליכטקרױן, גאָר אַ װוּנדער.

און כװאַליעס, אומגעצײלטע אירע,
באַװעגן זיך אין טאַנץ און זינגען שירה:
„אַ דאַנק, לאַמטערן, אײביק װעלן מיר דיך לױבן
פֿאַר נס פֿון האָבן אונז דערהױבן!
מיר װעלן מערנישט בלײַבן אין די נעכט פֿאַרטינקלט".

זײ קײַקלען זיך צום ברעג צעפֿינקלט.
און װי זײ טענצלען
און צעטרענצלען
ס'פֿאַרמעג פֿון זײער רײַך־פּאָעטיש לשון —
לאַמטער האָט פּלוצלינג זיך פֿאַרלאָשן...

## די גאַסלאַמטערנס און די זון

די גאַסלאַמטערנס טעלעפאָניש פירן אַ געשפּרעך,
באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פונעם צעך:

— האַלאָ, האַלאָ, חברים, — שטורעמט אַ לאַמטערן, —
כ'קאָן שווערן,
אַז אַלע צרות נעמען זיך דערפון
וואָס ס'שיינט אָט־די... ווי רופט מען זי... די זון!
אַ גאַנצע נאַכט מיר אַלע אירע —
אויסגעשטעלט אויף שמירה,
און שטאַלץ מיר הערשן איבער גאַסן,
באַלייַכטן די באַוועגונג פון די מאַסן,
און יעדן איינעם, קליין־ווי־גרויס,
באַלייטן צו זיין הויז.
און ווי נאָר די יפיפיה אין מיזרח גיט אַ צייכן
און אירע שטראַלן אונז דערגרייכן,
פאַרלעשט מען אונז (אוי־וויי!) און מיר, יחסנים,
מיר בלייַבן שטיין ווי אָפּגעשמיסענע נאַראָנים!...
אַ צווייטער קלוגעטשקער לאַמטער לייגט פאָר דער קאָנפערענץ,
אַ סוף צו מאַכן צו דער ווילדער קאָנקורענץ.

---

געאַמפּערט זיך און פאַרט געגעבן זיך אַן עצה:
ווען זון גייט־אויף (אַ נעכבע אויף איר מאַמען!),
איעדער איינער אונטערשטעלן זאָל אַ פּלייצע
און איר דעם וועג פאַרצאַמען...

## די פּאַן און די בגדים

אין קעלער צווישן בגדים, אָנגעוואָרפן דאָ — ווער ווייסט ווי לאַנג? —
געשטאַנען איז די פּאַן, פאַרוויקלט אויפן שטאַנג.
און ס'האָט דאָס אַלטוואַרג מיט נקמה־גיר
געפינען צײַט צו רייצן זיך מיט איר:

„אָט ערשט געטראָגן דיך אויף דעמאָנסטראַציעס
פאַר פרײַהייט, ברידערשאַפט פון נאַציעס,
באַרייט צו גיין פאַר דיר אין פײַער.
און איצט פאַרגעסן שטייסטו, צון אַ פלאָקן גלײַך.
פון אַלע גליקן דײַנע — אויסגעלאָזט אַ טײַך".

אַן אויסגעריבענע פאַר הויזן גלוסט זיך טאָן אַ קריך:

— אַן אײַנגעוויקלטע, פאַרבאָרגענע אין זיך,
דו שווײַגסט, אַ וואָרט נישט אויסצוריידן.
פאַרגעסן, אַז חברים זענען מיר אין ליידן.

נ'אַן אָפּגעקראָכן טכוירל:

— אונז אַלעמען באַשערט איין גורל.
אַרײַנגעוואָרפן ט'אונז אַהער דער באַלעבאָס
און ליג און וואַרט, דער רוח ווייסט וואָס!

— בלויז איר, אין אײַער לעבן אײַנגעקוואַרטן,
זענט די, וואָס ווייסן נישט אויף וואָס זיי וואַרטן, —

קלערט־אויף די פאָן זיי דעם באַשייד
פון זייער שאָדנפרייד, —
און איך — איך ווארט: אָט וועט אַ יאָנטעוו ווידער קומען
מיט שמייכלען און מיט בלומען,
און דאַן, בשעת איר ליגט דאָ וויסט
און איבעריק ווי מיסט,
בין איך באַנײַם־אַ־קאָן
די אַלטע, ליבע פאָן,
וואָס פלאַטערט שטאָלץ איבער די גאַסן,
פאָרויס פון די מאַרשירנדיקע מאַסן!

## שעקספּיר

**די וועלט איז אַ בינע,**
**די מענטשן — אַקטיאָרן,**
וו. שעקספּיר

אַט־דאָ נישט לאַנג
האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג,
אַז שעקספּיר, דער געוואַגטער בעל־חלומות,
אַראָפּגעיאַוועט האָט זיך פון יענוועלטיקע מקומות
אַהער, אין אונזער וועלטל — דעם טעאַטער.
געמיינט האָט גלאַט ער
אַ קוק טאָן ווי סע שפּילן היינט די מענטשן — אַקטיאָרן.

נאָר שוין, ביים ערשטן אויגנבליק אַנטוישט געוואָרן...
אָפּגעקערט זיין פּנים פון דער בינע
מיט אַ מינע,
ווי ר׳וואָלט אַ ביטרע פּיל אַראָפּגעשלונגען...
נ׳מיט גרויס פאַרדראָס וואָס די נסיעה ז׳נישט געלונגען,
נאָך צוויי־דריי טעג
גענומען פּאַקן זיך אין וועג.

סע האָבן קוים געפּועלט ביי אים די רעזשיסערן
ער זאָל באַוויליקן צו קומען אויף אַ זייגעזונט־באַנקעט,
זיך לאָזן כאָטש פון זיי באַערן.
מען האָט מיט טאָסטן אָנגענידעט אים צו זעט...

דאָן הייבט זיך אויף דער טאָסטמייסטער און פייערלעך דערקלערט:
„און איצטער וועט ר׳ שעקספיר, וואָס פאַרשטייט דעם ווערט
פון קונסט, און ווייסט אַוווּ־און־וואָס מע דאַרף,
זיך טיילן מיט די אײַנדרוקן פון אונזערע טעאַטער־שטיק״.

נאָר שעקספיר ענפערט קורץ און שאַרף:

— „די גניבה״ פירט איר אויס גאָר אַן אַנטיק,
„די לינקע ליבע״ שפּילט איר גאַנץ געניט און מיט געפילן
און אויך „דער מאָרד״ איז גאָרנישט נודנע...
בלויז ווען סע קומט „גערעכטיקייט״ צו שפּילן,
שפּילט איר גאָר פּאַסקודנע...

## געניאַלע מפרשים

אַן אָרדע וועלף, זיך טרעפנדיק אין וועלדל בײַ דעם באַך,
גענומען זיך אינטערעסירן מיט תּנך.
דערהויפּט איז זיי געפעלן, אַ מחיה,
די אידיליע פון דעם אחרית בײַ ישעיה,
ווען אָפּגערוימט — די שטרויכלונגען און צאַמען,
און וואָלף מיט שעפּס זיך פּיטערן צוזאַמען.

— באמת, — מיינט איין וואָלף, — אַ גאָלדענע עפּאָכע.
ט׳כּדאי זײַן מאַכן איבער איר אַ ברכה.

— סאַראַ פראַגע! — מאַכט דער צווייטער, — שלעכט איז נאָר וואָס מירן
דאַרפן וועגעטירן.

— וועט זײַן נישט לײַכט, — גיט-צו דער דריטער, — היטן זיך פון זינד,
אַרומשפּאַצירנדיק צעווישן שאָף און רינד.

— אַזוי באַהאַנדלען וועט מען אונז? נישט מעגלעך! —
פינטלט פערטער וואָלף מיט זײַנע אייגלעך, —
סע גייט דאָך אין מקיים זײַן דעם חלום
פון אייביק שלום,
מסתּמא וועט ער, דער אַדאָן ישעיה
אונז אונטערפּילנעווען מיט שעפּסן פון מאַלאַיע.

## דאָס אַנטיקע געשטאַלט און דאָס גילדן מלאכל

פאַרגלוסט האָט זיך אַ רײַכן מאַן
(האָט אויך געשעפטן, דאַכט זיך, אין איראַן...)
מיט גילדן מלאכל באַקריינען
און באַשיינען
דעם „נאַזאַרענערס" אַן אַנטיקן־אַלט
געשטאַלט.

האָט אויפגעפלאַקערט „נאַזאַרענערס" צאָרן:

— אַך, וואָס פון מיר געוואָרן!
אַז אַלץ, וואָס כ'האָב געפּריידיקט און דערקלערט —
אויסגעטײַטשט פאַרקערט!
שוין וויפל מאָל באַוויזן, אַז איך בין אַ שׂונא־בצע,
איז גלײַך איך וואָלט גערעדט צו
דער וואַנט...
אַבי מע שיקט די שליחים אין אײעדן לאַנד
די פעלקער אָפּצושטויבן,
באַקערן אין מײַן גלויבן.
און דאָ בײַם זײַט — אַ גילדן מלאכל...
אַ פּלי געזונטערהייט אַהין, ווו ס'איז דײַן היים —
צום גלחל...
צי זעסטו נישט: געקנאָטן כ'בין פון ליים?

— נו טאַקע ווײַל אַזוי, מײַן האַר, —
נעמט מלאכל אים טרייסטן אין זײַן צער, —
בין איך, דער גילדענער באַפּוץ,
דער סימבאָל פון מײַן אייגנטימערס שוץ.
שוין לאַנג אַז דאָרט, ווו דו נעמסט קרישלען זיך און שיילן,
קומט ער פאַרשמירן, און פאַרגלעטן, און פאַרהיילן...

## אַ פוקס — אַ בעל־דרשן

אַ פּיקסל, וואָס בטבע איז אַ טיכטיקער פאַרשוין,
פאַרגלוסט האָט זיך צו ווערן אַ בעל־דרשן,
זײַנע דרשות, זאַפטיקע ווי קאַרשן,
האַלט ער פאַר דעם וואַלדיקן באַוווין.

טרעפט ער איינמאָל אָן אַן אָרדע וועלף
אויף אַ „קומזיץ" בײַ אַ שעפּסל,
נאָכדעם ווי געמאַכט אַ „שנעפּסל",
באַגריסט ער זיי: „גאָט העלף!",
טוט אַ דריי אַרײַן זיך אין דער מיט:

— זאָל אײַך ווויל באַקומען. בעסטן אַפּעטיט!
דאָך... כ'קאָן שווערן, קינדער, אַז איר האָט פאַרגעסן
אַפילו וואַשן זיך צום עסן
און אַ ברכה מאַכן „שהכל".
און דעם שעפּס אַפילו נישט געקווילעט לויטן דין...
אין סעכאַקל
וואָס האָט דאָס לעבן אויף דעם וועלטל פאַר אַ זין?
מיר ווערן פאַר נסיונות בלויז געשטעלט,
כּדי צו קומען ריין אויף יענער וועלט...
דעריבער דאַרף מען צדקה געבן, זײַן אַ מכנים־אורח...
דעם רשע, אײַנגעזונקען ווערן זאָל ווי קורח,

שמייַסן וועט מען דאָרט, רבותי, איַי וועט מען אים שמייַסן
פאַר די עבירות זייַנע...

— הער נאַר, — פּאָרט אַ וואָלף אַרייַן אים אין דער טענה
גאַנץ איידל, —
וויפל איז דער שיעור דיר פּאַכען מיטן וויידל?
מיינסט, ווייַזט־אויס, אַ וואָלף געגליכן צון אַ בער איז.
דרייסט אַ ספּאָדעק: די וועלט, יענע וועלט, עבירות...
און דו בלאָפּסט, קענאַרע, גאַנץ גרויסאַרטיק.
זאָג: ווילסט אויכעט אָפּלעקן אַ ביינדל דאָ — און פאַרטיק!

## דער באָק און דער בוים

— ביסט ווערט, דו פרעסער איינער,
מע זאָל דיר אָנברעכן די ביינער! —
צערוישט זיך בוים, קאָן מערנישט אײַנהאַלטן זײַן כּעס, —
וואָס מיינסטו דיר — אַ שפּאַס?
וויניק דיר דעם גאַנצן טאָג זיך אויף דער לאָנקע פּאַשען,
באַדאַרפסט נאָך גנבענען דערצו און נאַשן,
אַרומצופּן בײַ מיר אַזוי אַ שפּראָץ, אַ בלעטל!

— אַמער וואָלטסטו די טענות דײַנע אָנגעשריבן אויף אַ צעטל
און אָפּגעשיקט צום זיידן מײַנעם מיט אַ רויט משיח-פערדל? —
קײַט אומגעשטערט דער באָק מיט פרומען בערדל,
ווי גאַרנישט אים געמיינט, — סע שיקט זיך קוים,
אַן אָנשטענדיקער בוים
זאָל יענעם חושד זײַן, זאָל לשון-הרען...
מע קאָן דאָך מיינען, אַז מיר ליגט אין זין בײַ דיר צו שנאָרען...
די מײַנסע אינדעראמתן איז גאָר אַזוי:
איעדן אינדערפרי, אַרום האַלב זעקס גענוי,
ווען ס׳טרײַבט דער פּאַסטעך אונז אַרויסעט אויף דער לאָנקע,
איז גייענדיק פאַרבײַ, צו דיר שוין איך פאַרבלאָנקע,

און טו מיר גלאַט אַזוי אַ צופּ אַ בלעטל.
איז וואָס־זשע מאַכסטו־אָן אַ ווינט אין שטעטל?...

— אַזוי, אַזוי, נישט מיך חלילה ביסטו אויסן, גראָזן־פּליקער,
נישט איך בין, הייסט עס, דאָ דער עיקר,
נאָר גלאַט אַזוי זיך, גייענדיק פאַרביי,
איי־איי־איי,
טאָג־איין, טאָג־אויס מיט מיינע בלעטער זיך פּאַסמאַקעט,
און באַלד געלאָזן מיך אינגאַנצן נאַקעט!

## די הינט און די אינדיקעס

— פויליאַקעס, — האַלדערן די אינדיקעס, — און איינס פון צווייטן גרעסער,

אומזיסטע פרעסער!
דעם גאַנצן טאָג אויף אַלע פיר זיי ליגן
און כאַפּן פליגן.

— און איר ווער זענט דאָס מיט די לאָרדישע מאַנירן?
אַבי זיי בלאָזן זיך, שטאָלצירן.
זיי ווייסן ווען ס'איז פורים... זאָל כאַטש איינער צווישן אײַך, אַ לאָדער,
אונז זאָגן ווען ס'איז פּסח? „אָדר־אָדר־אָדר!"

געקריגט זיך אַזוי לאַנג און זיך געזידלט
ביז ס'האָט דער חלק איבער גערגעלעך געפידלט.
זײַט דעמאָלט האָבן כּלבים — בענעמאָנעס! —
געקראָגן גרויס רחמנות
אויף די יתומים — ס'קינדוואַרג פון די אינדיקעס.
נישט איינמאָל זיך פאַרקלערט ווי ווײ־און־ווינדיק איז...
ביז וואָן איין נאַכט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און די פּײַנע לײַט
פון עלנט די יתומימלעך באַפרײַט.

בשעת סע פליִען פעדערן אין ווינט,
האָט איינער פון די הינט —
ווײַזט־אויס, נישט צוגעלאָזט פון סעודהלע צו נאַשן —
גענומען זאָגן מוסר זײַנע ברידער און זיי וואַשן:

— איך ווייס, פאַר אונזער ערלעכקייט מיר ווערן אויסגעריסן.
נאָר אויב פאַרקערט, חברים, גיין אויף קרומע וועגן — טויג עס?
די פראַגע איז צו מעגן מיר די קינדערלעך געניסן,
אויב מיט די עלטערן געוועזן באַרויגעס.
איך מיין, דאָס איז פאַרברעכעריש, ס׳איז שווייַניק!

— וואָס האָקט ער אונז אַ טשײַניק! —
אים ענפערט אָפּ אַן אַלטער הונט, אַ ליץ,
וואָס האַלט זיך פאַר אַ ספּעץ
אין יושר־ביזנעס. און זיך פּאַסמאַקעווענדיק מיט די ביינדלעך
„ניאַם־ניאַם״, ער שמייכלט מיט די ציינדלעך
און קלינגט זיך: —
מע מוז די זאַך באַנעמען גאַנץ געדולדיק.
אמת, מיט די עלטערן געקריגט זיך,
וואָס זענען אָבער דאָ, ניאַם־ניאַם, די קינדער שולדיק?...

## דער ריכטער, וואָס נעמט די זאַך גאַנץ ניכטער

דער וואָלף באַשטימט געוואָרן איז אין וואַלד — אַ ריכטער,
היות איז נישט קיין יאָלד און נעמט די זאַך גאַנץ ניכטער.
באַווייזט זיך באַלד דער פוקס און ברענגט אַן אינדיק אים צו פירן,
און אויפן מישפט, הינטער צוגעמאַכטע טירן:

— אַדוני שופט, אָנגעפיקט דעם גנב אין אַ גאָרטן,
בשעת ער פּראַוועט דאָרטן
די ווילדע שטיק.
זיך אָנגעבלאָזן, פּאַראַדירט אַהין־און־קריק,
אין פולן גלאַנץ
פירט־אויס זיין ברויגעס־טאַנץ,
און לאָזט זיך וווילגיין ווי אַ פּרינץ אין מאַנטע
אויף יענעמס קאַנטע...

— אַהאַ, אַ גנב, — בייזערט זיך דער שופט, — פון די פייגל,
וואָס מאַכן זיך אַ דריסת־רגל
אין פרעמדע גערטנער? חייב מיתה! ט'ער געדענקען
אַ צווייטן מאָל נאָך יענעמס האָב זיך נישט פאַרבענקען...

— ס'א ליגן, — מאַכט אַוועק דער אינדיק, — אייסעכוואָס.
דער גאָרטן, ווו איך האַלט מיך אויף, געהערט מיין באַלעבאָס.

— מיר קענען גוט די ריידעלעך, די זיסע.
ביסט, הייסט עס, נישט קיין גאַנעוו? — חייב מיתה.

— ס׳טײַטש, — צעיאָמערט זיך דער אינדיק אין זײַן נויט, — פאַרוואָס פאַרמישפּט מיך צום טויט?

— איך ווייס? — טוט ממזריש אַ שמייכעלע ר׳ וועלוול, — דינגסט זיך דאָ מיט מיר ווי נ׳אַ געוועלבל, —

— איך בין אָבער אומשולדיק!

דאָ טוט ר׳ וועלוול שוין אַ ווײַז די ציינער אומגעדולדיק:

— וואָס הייסט אומשולדיק? כאַ־כאַ־כאַ!
האָסטו געזען אַזאַ?
נאַריר גאָר אומשולדיק! שולדיק ביסטו, זינדיק
שוין דערפאַר אַליין וואָס ביסט אַ אינדיק.

## שפּאַרבערס

בײַם סאַמע פּעלדזן־ראַנד
פון פייגללאַנד —
אַ דרינגלעכער צוזאַמענפלי פון שפּאַרבער.
מען איז געשטאַנען פּאָר אַ שאלה, גאָר אַן הארבער:
„וואָס טוט מען מיט די טויבן, די קאָליריקע ממזרים?
ווי דאָס דערגייט די יאָר און טרייבערט די געדערעם!
אויף יעדן שריט דו הערסט נאָר „רוצחים" און „פּאַרברעכער!"
און די רכילותן צעוואָרקען זיי פון אַלע דעכער.

— איך מיין, חברים, — עצהט איינער, —
מע דאַרף זיי אָנברעכן די ביינער.

— ס'איז ווייניק, — מאַכט דער צווייטער, — ס'עט נישט טויגן.
מע דאַרף זיי אויסקראַצן די אויגן.

— צו וואָס, חברים, — האַלט אַ דריטער, — זיך דעם מוח בויערן?
דאָס בעסטע איז: פאַרשטאָפּן זיך די אויערן.

— דו מיינסט עס ערנסט? — גיט דער פירטער מיט רציחה שוין
אַ שטראָם, —
מע דאַרף זיי געבן שמעקן דעם אַטאָם.

דאָ שטעלט זיך אויף דער יושב־ראש ר' יוסף,
אַ שפּאַרבער — אַ פילאָסאָף,

וועט דיר ניט טשעפּען אינעם זומפּ אַ פּראָש, —
שטעלט זיך, הייסט עס, אויף דער יושב־ראָש:

— איר ליבע הערן, — הייבט ער אָן, — איר ליבע דאַמען,
אַז אויסגעריסן מעגט איר ווערן דאָ צוזאַמען!
פֿאַר אַלע עצות איַיערע, אײַן חכמה אומדערשעפּלעך,
איַיך קומט אַ גלעט צו טאָן די קעפּלעך...
זײַ טויגן נאָר אויף טישטשע נײַן כּפּרות.
איך וואָלט פֿאַר זײַ נישט געבן וואָס דערוווּרט אַ האָר איז,
אויב איר'ט זיך ווײַטער פֿירן ווי איר פֿירטצעך
נ'פֿאַרגעסן בלײַבט לא תגנוב און לא תרצח!

## די „קליינע קאָרעגירונג"

אַ יינגער לערער, אַ בעל־דמיון, איבערטרײַבער
(געקליבן זיך צו ווערן אַ באַרימטער שרײַבער)
געגלויבט אַפילו, אַז ס׳איז שוין געקומען דער משיח
און געפינט זיך דאָ אין לאַנד... הקיצור,
כּדי איר זאָלט זיך נישט באַקלאָגן, אַז דאָס מײַנסעלע צעצי איך:
איין שיינעם מיטוואָך האָט דער שוויצער
גענומען די תּלמידים זײַנע אויף שפּאַציר אין חיות־גאָרטן.

— אָט האָט איר, — נעמט ער זיי דערקלערן דאָרטן, —
ס׳קאַליברי־פייגעלע, און אָט — דער אַלבאַטראָס.

— ווי שיין, ווי שיין! — אַנטציקן די תּלמידים זיך, — און דאָס איז וואָס?

— דער פּיפּערנאָטער... מערקט אײַך, קינדער, —
צעשפּילט זיך זײַן פאַנטאַזיע, — זעט ווי שוין אַצינדער
סע הערשט די אָרדנונג דאָ, אַ נײַע,
ס׳איז פאַקטיש שוין פאַרוואָרט דער חלום פון ישעיה:
אָט — דאָ־אָ וווינט דער טיגער, אים אין שכנות — דער זשיראַף;
בײַם זײַט שפּאַצירט אַרום דער הירש, אַ שטאָלצער ווי אַ גראַף;
און אָט — דער לייב; דערנעבן אַ פּאָר טריט — די ווילדע ציג.
מ׳האָט נישט געהערט ס׳זאָל זײַן צעווישן זיי אַ קריג.

— צו וואָס־זשע, — פרעגן די תּלמידים, — די מחיצות, גראַטעס?

— איך מיין, — דערקלערט ער זיי, — די טאַטעס
פון אונזער שטאָט... יאָ... נעמענדיק דעם נביאס אידעאַל
אויף פֿייער־פּראָבע פֿון רעאַליזירונג,
באַשלאָסן האָבן דאָ, ווי תּמיד אין אַזאַ מין פֿאַל,
צוצוגעבן בלויז אַ קליינע קאָרעגירונג.

## דער קאַטער און די טויבן

דער קאַטער, ווי שווער איז צו גלייבן —
געוואָרן אַ שמעלקע איז ער מיט די טויבן.
און אָפטמאָל ער כאַפּט זיך אַרויף אויפן דאַך
צו בייַטן אַ וואָרט וועגן פאָלקלאָר, תּנך,
פּראָגרעס, העלעניזם, און גאַטיק,
דערבייַ אויך אַ נאַש טאָן אין הילכות עראָטיק...

טרעפט איינמאָל אַ טאָג, און מען פירט אַ פּאָלעמיק,
פאַנאַנדערגעוויקלט געוואַגט און פאַרנעמיק,
איין טויב וויל אַן ענפער באַקומען:
„וואָס זאַמט זיך משיח, פאַרפעלט אַלץ צו קומען?
ער וואָלט אונזער וועלט פון יסורים באַפרייַט”.
אַ צווייטע טויב האַלט, אַז דערצו איז נאָך ווייַט...

נאָר דאָ וואַרפט אַ פינצטערן בליק אויף דער סטייַע
דער קאַטער, נעמט דרשענען: אמר אביי,
ס'האָט וועלט נישט קיין תּיקון, אין חושך מיר טאַפּן,
דערפאַר ווייַל דאָס מייַזעלע לאָזט זיך נישט כאַפּן.
יאָ, כּל־זמן סע הונגערט אַן איינציקער קאַטער,
איז צייַט, זאָגט דער אויסלייזער, האָט ער!”

צעפינטלען זיך טויבן דערשראָקן, דערפילן
מיט וועמען זיי שפּילן:

— וואָס מיינט איר, מײַן הער, —
טוט אַ וואָרקע אַ טײַבל, — איך שווער,
אַז ס׳פעלט אײַך אַ קלעפּקע.
פּריטשעפּקע!

— ניאַו-ניאַו, „גוטע פריינט" — זיך צעניאַווקעט דער קאָטער, —
אוי גאָטעניו-פאָטער!
וואָס ליגט זיי דערין
אַז כ׳הונגער, די הינטישע זין!

און ער קערט זיך אַוועק, אַ באַליידיקטער:
„אומזיסט פאַר זיי פריידיקט ער,
וויל ברענגען אין זייערע מוחות אַ טאָלק,
אַזאַ מין שמאָלקעפּלדיק פאָלק.
קומט-אָפּ בלויז מיט ברעקלעך... אַ מכּה דאָס ווייסט
וואָס ס׳הייסט
גענים
אַ פּעטינקן ביסן!"

## וועלפישער רחמנות

דער וואָלף — ווי שוין דערציילט אַמאָל
פון זײַן בכּבודיקער ראָל
אין וואַלד ווי איינער פון די ריכטער,
וואָס נעמט די זאַך גאַנץ ניכטער —
פאַרמישפּט האָט דאָס הינטל פּאַלאַדין
צו ווערן אָפּגעשיקט אַהין,
פונוואַן מען קומט שוין ניט צוריק,
פאַרמישפּט: זיך צו וויגן אויפן שטריק...
אויף וואָסער גרונד? נישט וויכטיק,
אַבי דער אורטייל אויסגעפירט זאָל ווערן ריכטיק...

נאָר ס׳האָט דער כּלב אויפגעהויבן אַ געוויין,
אַזש רירן האָט געקאָנט אַ שטיין.
ווירײַ* סע האָט דער וואָלף גענומען זיך די אויגן ווישן,
נ׳באַפוילן, זיפצנדיק מיט קורצע אינטערוואַלן,
אַז אויף דעם אָרט, ווו ס׳דאַרף דער הונט פון שטריק אַרונטערפאַלן,
אונטערלייגן אים אַ קישן...

---

* ווי אַ ראיה.

## דער קאָמעט און די לבנה

ס'האָט איינמאָל אַ קאָמעט
(גאַנץ זיכער אַ פּאָעט)
געשדכנט זיך צו דער לבנה.
און אָפּט געשיקט איר אַ מתּנה
אַ מעטעאָר...
אַיעדן שטערן־יאָר —
וואָס מיינט ביי אונז דאָ אַ יאָרהונדערט —
געקומען און זי שטאַרק באַוווּנדערט,
דערקלערט זיך איר אין ליבע,
און טאַקע מיט דער סיבה
וואָס אַ געפּלאַם אין זיינע אינגעווייידן ברענט,
נ'ער שטרעקט צון איר אין תּפילה זיינע הענט:

— בין גרייט, מאַמזעל, צערייסן זיך אויף שטיקלעך,
אַבי אייך מאַכן גליקלעך.

און די לבנה, כאָטש געזען, ער נעמט עס וואָריק,
געדרייט זיך אויפן קאָריק,
און מיט דער נאָז געקרימט,
און קוים אַ וואָרט פאַרלוירן: „קימט,
מיין הער, איבעראיאָר,
און אַלץ וועט ווערן קלאָר".

ביז וואַנעט דעם קאָמעט
(אָן צווייפל אַ פּאָעט)
איז מיטאַמאָל די זאַך געוואָרן נימאס.

— טע־טע־טע, — האָט ער געביטערט, — ווי דאָס מאַכט
פון זיך אַ צימעס.

און איך אַליין, ווי ווײַט בין איך דערפאַרן
די אַלע מײַנע יאָרן,
אין פּײַן פאַרשווימענע,
צוליב אַן אויסגעקוועטשטער לימענע,
וואָס די שיינקייט אירע אומגעזאָרגט
אין ביוטי־פּאַרלאָר * בײַ דער זון זי באָרגט?

---

* שיינקייט־סאַלאָן.

## די מאָראַל אין בבל

אַ שווישפּילער מיט דער מאָראַל איז זיך מטפּל.
זיך צונעקלעפּט אַ בערדל, ווי אַ רבל,
באַווייַזט „אויף וואָסער שטאַפּל
געזונקען איז געווען אַמאָל די זיטלעכקייט אין בבל".

ער טרעט־אויף, ווי אַ פּאַרטנער מיט אַ „גרויסער באַלערינע",
וואָס גיט זיך אַ צעשווינגל אויף דער בינע.
זי טאַנצט דעם טאַנץ פון זיבן שלייערן,
אַ „יִנגיקע כּאַלדייערן".
און טאַנצנדיק צום טאַקט פון טאַמבורין אין האַנט פון אַ „כּאַלדייער",
זי וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַ שלייער נאָך אַ שלייער...

און ווען דער עולם עקספּלאָדירט, פּאַטשט ווילד און ווילדער בראַוואָ
דער טענצערן, וואָס איז געבליבן שטיין, ווי מוטער חווה
אין אירע פֿייַגנבלעטער,
פֿאַרנייגט ער זיך פּאַטעטיש, אונזער רבל:

— איצט איז אייַך קלאָר, געערטע צושויער, איצט זעט איר
ווי זינדיק מ'איז געווען אַמאָל אין בבל?...

## די פלאַנץ און דער פלאָקן

— זעט־אוים, ער האָט אַ בין אין קאָפּ
דער פלאַנצער אונזערער, — לאַכט־אָפּ
פון יינגןביימעלע דער פלאָקן,
און הערט נישט אויף צו בראָקן: —

נאָר גלעט דיך, צאַצקעט זיך מיט דיר, דאָס גרוים פּאַרמעג,
און מיך האָט ער (אַ בראָך צו זיינע טעג)
אַרייַנגעכמאַליעט אין דער ערד, דיך צוגעבונדן מיר
צו ניאַנטשען זיך מיט דיר!
כאָטש לויט מיין עלטער, און מיין ווערט,
באַדאַרפט וואָלט זיין פאַרקערט:
אַז דו, דו שנעק, זאָלסט מיך באַדינען,
בייַם הימל בעטן איך זאָל ווידער גרינען...
בייַם קלענסטן ווינטעלע — ווי דו הייבסט אָן צו פלאַטערן,
און ציטערן, זיך מאַטערן.
ווער שמועסט, אַז סע קומט אַ שטורעם־רעגן,
איז בעסער נישט צו פרעגן...
שטאָט אָנצוקוועלן וואָס ער נעמט בחינמדיק אונז באָדן,
דו בייגסט זיך, נייגסט זיך ביזן באָדן:

„אוי מאַמע, טאַטע, האַלט מיך צו, אַט ווער איך אָפּגעבראָכן!"

אַזוי האָט פלאַקן אַלץ געחוזקט און געשטאָכן.

דאָס ביימעלע — געבויגן טאַקע זיך אין ווינט, געציטערט,
און אַלץ געשוויגן שטיל, פאַרביטערט...
דערווײַל געוואַקסן און געבליט אַ יאָר נאָך יאָר.
און איצטער (וועמען איז נישט קלאָר?) —
אויסגעוואַקסן שטייט אַ בוים מיט גרינע לאָקן,
און דער פלאָקן איז געבליבן פלאָקן...

## באַרימערישער קאָטער

גאָרנישט עטיקעטיש. פּשוט און אַלטמאָדיש,
ווי דער קאָטער האָט באַמערקט דעם אָפּגעדעקטן לאָדיש,
אין קעכל אויפֿן דיל,
זיך צוגעגנבעט שטיל,
געטאָן אַ שמעק,
אַ לעק,
געזען: די מילעך — נישט נאָר קאָן מען זיך מיט איר נישט סמען,
נאָר טאַקע גאַנץ געשמאַק, מיט אַלע זיבן טאַמען.
דערנאָך אָן צערעמאָניעס זיך אַרויפֿגעבעטן
אויפֿן טיש צו די קאָקלעטן.

דאָס אַלץ זעט־צו די קאַץ פֿון שכן.

—סאַראַ מיטיק, — חנפֿעט זי, — נ'אַ פּראָסטן אינדערוואָכן.

— אַ וואַזשנער עסק, — גאָדלט זיך דער קאָטער, — שפּילט בײַ
מיר אַ ראָליע.
דאַנקען גאָט, איך האָב זיך נישט צו קלאָגן אויף מײַן דאָליע.
מײַן באַלעבאָסטע, אַזאַ מלאך ווי זי איז לויט איר באַנעמען,
זאָרגט שוין ס'זאָל דאָס האַרץ נישט איבערקלעמען.
דאַכט זיך, אַז פֿאַר מיר נישטאָ איז קיין פֿאַרבאָטנס
פֿון אַ שטיקל פּוטער ביז אַ טײַבל, אַ געבראָטנס.

צום אומגליק יאַוועט זיך אין טיר די באַלעבאָסטע
און מיט אַ צאָרנדיקן „נאַ, אָט האָסטע!”
שיקט אים נאָך אַ שטיין אויף זײַן נסיעה.
אַ גליק וואָס נאָר אין פּיסל די פּגיעה.

— וועמען, וועמען, — טוט אַ שטאָך די קאַץ, — נאָר מיר דײַן „מלאך” — אומפאַרשטענדלעך,
כאָטש גיב מיר טויזנט רענדלעך.

— דו ווייסט נישט וואָס דו בעבעסט דאָ, — קרעכצט נעבעך הינקענדיק דער קאָטער, —
אַבי זיך אָפּגעזאָגט — און פּטור.
דאָס פירן מיר דאָך אַ וויכּוח. ווײַל נישטאָ קיין חשק
די דינים היטן וועגן מילעכיק און פליישיק.

# אַ פליג

אַ פליג, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַכסניה
ביַי אַ משפחה, ווו געהערשט האָט אַרעמאַניע,
אַ גאַנץ אידעאַליסטישע, באַלעזן רעלאַטיוו,
נ׳געהאַלטן זיך (מיט רעכט) פאַר פּראָגרעסיווע;
כאָטש נישט געלעקט קיין האָניק, נאָר מיט „טרוקנס" זיך געוואָרגן,
געגלייבט, אַז קומען וועט אַ שענערער דער מאָרגן, —
פאַרגלוסט זיך איינמאָל איבער פרעמדע היַיזער מאַכן אַ שפּאַציר
און פאַרבלאָנדזשעט אין דער קיך פון אַ באַנקיר.

אַ רגעלע געבליבן ווי געפּלעפט,
נאָר באַלד פאַרשטאַנען: „בליַיבן דאָ איז אַ געשעפט".
אַ נעם געטאָן זיך בודק זיַין די טעפּ,
די טעלער, דעם קאָלבויניק * און די שעפּ.
און אָנגעפרעסן זיך צו זעט,
האָט אונזער פליג גענומען שלאָגן זיך על־חטא:
„באמת, מען באַדאַרף צו זיַין אַ יאָלדן
נישט צו זען אַ לעבן, אַזאַ גאָלדן...
אָפּגעפינצטערט מיַינע יאָרן — און פאַרפאַלן...
אָך וואָס מיר אידעאַלן, ווער מיר אידעאַלן!

---

* כל־בו׳ניק — אַ כלי אויפן עסטיש פאַרן אָפּפאַל.

אויסגעקלערט דאָס האָט אַ חסר־דעה,
צי אַ בטלן אויסגעצופּט פון באָרד־און־פּאה...
וואָס האָבן, מ'שטיינס געזאָגט, דערוועדט די שענסטע טרוימען
אַקעגן אַזאַ מיטיק? מערער ווי דער רויך פון קוימען?...
הײַנט די אַטמאָספער, די נײַע.
וואַרעם, אַ מחיה"...

---

איך קום, מײַן ליבער לייענער, דיך ניט איבעררראַשן.
נישט איינמאָל שוין געטראָפן —
זאָל דער, וואָס כ'האָב די הענט מיר ניט געוואַשן,
מיך פאַר די רייד ניט שטראָפן —
אַז אַ פליג צוליב אַ פעטן ביסן
פאַרהאַנדלט דאָס געוויסן.

## דרײַ אורחים

דרײַ ראַבן האָבן זיך געיאַוועט צו דעם אָדלער אין זײַן נעסט.
געוואָלט די זכיה האָבן: זײַן דעם קיניגס געסט.
דער אָדלער מיט זײַן אָדל —
גראַד אויפגענומען זיי בכּבוד־גדול.
פאַרבעטן זיי אויף מיטיק
און זיי מיט אַלץ באַגיטיקט.
פאַרגלוסט זיך איינעם פון די אורחים — „ס׳אויסגעפּיקטע אייגל״,
זיך נעמען באַקן בייגל,
זיך רימען, הייסט עס, מיט זײַן יִחוס:

— מײַן פאָטער, מאַיעסטעט, ט׳באַקומען סמיכות
אויף כאַפּן זשאַבעס, איז געווען אַ גרויסער חכם.
און איך, פאַרשטייט זיך, גיי אין זײַנע דרכים.

— אַ טײַערע מעציאָציע! — קראַקעט שוין דער צווייטער —
דו גאָלע גאָרנישט איינער, ווינטישער טרומייטער.
מײַן פאָטער איז געווען אַ קאַפּל גרעסער, —
אַ מומחה נ׳הילכות אַנאַטאָמיע... אַ פּראָפעסער!

— אַזוי גאָר?... ביידע זענט איר גאָרנישט שבגאָרנישט,
קיין אמת אין די מײַנסעס אײַערע — אַ האָר נישט, —
צעקראַקעט זיך דער דריטער אורח, און פאַרביטערט,
פאַר אויפרעג אַזש ער ציטערט: —

בלויז איך פאַרדין סימפּאַטיע.
איך שטאַם פון אמתער אַריסטאָקראַטיע, —
און אויף אַ שטיין זײַן שנאָבל שאַרפנדיק מיט פלײַס,
גיט־צו: — איך קאָן עס אײַך באַווײַזן שוואַרץ־אויף־ווײַס...

נאָר ערשטער אורח און דער צווייטער
שוין וואַרפן זיך אויף אים: „אַזאַ צעדרייטער!"

דאָ איז דער אָדלער שוין אַרויס פון זײַנע ראַמען:

— אָך גייט צום אַלדי רוחות
מיט אײַער גאַנצן יִחוס,
איר גאָלע גאָרנישטן אַזעלכע, אַלע דרײַ צוזאַמען!

## שמולקע

**וואַריאַציע**

דער בחור שמולקע —
האָט ליב געהאַט צו רייכערן אַ ליולקע —
איז אומגעריכט מיט אַ בוקעט פּיאַלן
אַרײַנגעפאַלן
אין הויז פון אַ באַקאַנטן שרײַבער. ס׳האָט דער גדול
אים אויפגענומען מיט אַ שנעפּסל און מיט שטרודל
און פאַר־איין־וועגס געוואָלט שוין אויסגעפינען
מיט וואָס ער קאָן אים דינען.

דער בחור שמולקע
פאַררייכערט חשיבותדיק די ליולקע
און שלעפּט אַרויס פון טאַש
(אוי גאָטעניו, טי נאַש!)
אַ גאַנצן זשמוט מיט לידער.

— געקומען, — זאָגט ער, — צום באַרימטן שמידער
ער זאָל באַוויליקן צו געבן סמיכות.

און נעמט דערבײַ זיך רימען מיט זײַן יִחוס...

דער שרײַבער טוט אַ מאַך פאַרלוירן מיט דער האַנט:
— נו יִחוס, יִינגערמאַן, יאַק יִחוס.
וואָס דאָ אינטערעסירט גראָד מיך, איז
צי האָט איר נאָך דערצו אַ קאַפּעלע טאַלאַנט...

## די כעלעמער און דער חזן

קיין כעלעם איז אַמאָל אַראָפּגעקומען
אַ חזנדל אויף שבת.
ס'האָט אים דאָס שטעטל אויפגענומען
בכּבוד־גדול. אויך די זשאַבעס...

די לײַט, בטבע שטילע —
געוואָרן אויפגעלעבט מיט דעם בעל־תּפילה,
נישט אויפגעהערט צו ריידן וועגן אים,
געפּרוּווט צו שאַצן זײַנע מעלות און זײַן שטים,
און זיך געדונגען, זיך געשפּאַרט...
ביז קוים דערוואַרט
דעם שבת. און די כעלמער, קינד־און־קייט —
אין שיל אַרײַן מע גייט.

ס'האָט נישט גענומען לאַנג —
און קאָפּ־אויף־קאָפּ די שיל איז שוין געפּאַקט.
נאָר עולם שפּאַרט זיך אין דער טיר. מע לאָזט אין גאַנג
די עלנבויגנס... ס'האָט קוים מיט מי די טיר פאַרהאַקט
דער שמש. און — אין טומלעניש, אין די געשטויסן
געלאָזט דעם חזן שטיין אין דרויסן...
ער קלאַפּט אין טיר: „איך בין דער חזן, לאָזט אַרײַן!
איך זאָל אַזוי אַ טאַטע מײַנע קינדער זײַן!"
דערהערט ער ווי מע ענפערט פון דער ענגשאַפט דאָרט:
„באַדאַרפט צו קומען פריִער, מער נישטאָ קיין אָרט".

## דערליידיקגייער און זײַן חבר

ס'האָט איינער אַ געוויסער ליידיקגייער,
באַקאַנט ווי „חבר שניפּס",
— געגומען זיך צון אַ פּראָפעסיע, גאָר אַ נײַער
פּרוכטן אַלערלייִקע צו פורעמען פון גיפּס.
קומט צון אים אויף אַ וויזיט
זײַן חבר ליט,
נעמט ער רימען זײַנע שאַפונגען און לויבן:

— זע די עפּל, און די פלוימען, און די טרויבן,
די אַסקאַדיניעס, און די גוטעס, און די באַרנע,
די אַבריקאָסן, און די זאַרזערעס, — ווי אַנטיקוואַנע...
הײַנט די שאַלעקאָוויצן, דעם דרען, די קאַלענעס, די ווײַמפּערלעך,
ממש בעטן זיך צום עסן. מ'זעט באַשײַמפּערלעך:
איך בין אַ מײַסטער פון דעם אייבערשטנס גענאָד.

— טאַקע, — שמייכלט ליט, — וואָס איז דאָ פיל צו ברײַען?
נאָר אַ שאָד
וואָס דײַנע פּירות קאָן מען נישט צעקײַען...

## ר׳ מאיר און דער זייגערמאַכער

געקומען איז ר׳ מאיר פון זײַן דאָרף אין שטאָט אַרײַן צו פאָרן
אַ זייגערל זיך קויפן אויף די אַלטע יאָרן.
נאָר וויפל זייגערלעך מ׳זאָל אים נישט ווײַזן,
ער האַלט זיך שטאָל־און־אײַזן:
„סע טויג נישט. ער פאַרשטייט נישט
פאַרוואָס דער זייגער גייט נישט״.

דער מײַנסטער ערגערט זיך דעריבער,
וואַרפט די גאַנצע ראָפּט מיט זייגערס איבער
און ווען ער ווײַזט אים שוין אַ שטייגער
אַ זייגער,
וואָס פאַרשפּעטיקט אויף קיין האָר נישט,
וויל דער אַלטעטשקער אַוועקגיין דאָך מיט גאָרנישט.

— „אַלע זייגערס שטייען? — שטוינט דער מײַנסטער — גלויבלעך?
איר זענט, ר׳ ייִד, אַ גרויסער נודניק!״ נאָר ר׳ מאיר
ענפערט מיט אַ שמייכל: — „כ׳דאַנק אײַך זייער!״

ער איז, נישדאָגעדאַכט, געווען אַביסל טויבלעך...

## געטרײַער הונט

ווען ס׳הינטל קאָשי טוט זיך אַ צעהאַווקע
און דווקא,
ווען ס׳ווילט זיך כאַפּן מיטאָגצײַט אַ דרימל,
איז ביטער... זײַנע קולות לעכערן דעם הימל.
די גאַס געהערט אים איינעם,
פאַרבײַגיין לאָזט נישט קיינעם.
באַנאַכט, ווען ס׳איז קיין לעבעדיקן נפש נישט צו זען און הערן,
די געסלעך שלאָפן רויִק אונטער שטערן,
און די לבנה זיך באַווײַזט אויף מיזרחדיקער זאַנע,
איז ער מכבד די לבנה...

ס׳זאָל הייסן יאַקאָש, אַז ער בילט דערפאַר
ווײַל ר׳איז געטרײַ זײַן האַר,
היט זײַן פאַרמעגן,
זאָרגט בלויז פאַר זײַנעטוועגן,
און גוט־און־פרום איז ער און די כוונה — ערלעך.

— נאָר נישט געפערלעך
איז יעדן קלאָר די זאַך —
בפרט סע איז זײַן פאַך.
ער מאַכט דערפון אַ לעבן קאָשי,
און טאַקע גאַנץ נישקאָשע.

## דער גרויסער טרובאַדור

זינגען סאָלאָווייען אינעם וואַלד באַנאַכט,
דאַכט זיך: נישט די סאָלאָווייען, נאָר דאָס זינגט איר פּראַכט.
נאָר דער קראָ, וואָס האַלט זיך פאַר אַ גרויסן טרובאַדור,
נישט געפעלן איז די גאַנצע פּאַרטיטור,
בייזערט זיך און קראַקעט:

— העי, וואָס האָט איר זיך צעקוואַקעט
ווי די זשאַבעס?
קושט די אַלטע שקראַבעס!
טרילי־שמילי, פּוסטע אַקראָבאַטיק.
ווי איר ברעכט דאָס רוק־און־לענד מיט דער טעמאַטיק.
אַ רחמנות ווי איר לעבט דאָס נעבעך אין דער פינצטער
אָן דער מינדסטער
אַנונג ווי איך בין באַרימט פון נעוויאָרק ביז כּפר־סבא...
עך, וואָלט איר מיר דערלויבט מיט אײַך צו מאַכן פּראָבע.

און זי הייבט־אָן זינגען אויפן שטעל אַן אַריע,
אַזש סע נעמט זיי אַ קדחות, אַ סובטראָפּישע מאַלאַריע...

**חיפה, 1952**

## די פליג און די בריל

אויף שאָלעכץ פון אַ ניסל —
אַ פליג, זיך רייַבנדיק אַ פיסל אין אַ פיסל.
זי זעט: די בריל, וואָס אבא נעמט־אַרוים פון שיידל,
באַהוכקעט ער און לאַשטשעט אַזוי איידל.
און אָט — ער זעצט זי זיך אַרויף גאַנץ אויבן אויף דער נאָז!

און שיער נישט פּלאַצנדיק פון קינאה, זיך געטאָן אַ לאָז
צו מאַכן אַ שפּאַציר אין יענער געגנט...

נאָר ס׳האָט ר׳ אבא
זי אומגעריכט באַגעגנט
מיט גאָר אַ פייַנעם באַרעכאַבע.
האָט קוים אַסקאַפּעט מיטן לעבן פון זייַן דלאָניע.
דערצו די בריל, איר דאַכט זיך, שמייכלט מיט איראָניע...

זייַט דעמלט האָט די פליג געעלטערט זיך מיט דרייַ מעת־לעתן,
נאָר יענעם אויפנעם קאָן זי נישט פאַרגעסן.
סע קאָן זיך נישט פּאַטופּען איר אין מוח:
„מיט וועמענס כּוח,
די בריל אויף אבאס נאָז זיצט רייַטנדיק, אַ גרעפּן?
און מיך, אַ פייַער זאָל אים טרעפן,
מיט אויפגעצאַפּל פון אַן אָפּגעבריטן,
ער טרייַבט פון זיך, ווי דעם נישגיטן!"

## די אַטאָם־ראַקעטע און די ערד

טראָגט זיך אין די הייכן אַ ראַקעטע, אַן אַטאָמישע,
באַטראַכט זי אונזער ערד נ׳מיט גאווה זיך צעברימט:
„ווי די מאַדאַם זעט־אויס אַ קאָמישע,
אין שרעק דאָס פּנים אירס פאַרקרימט".
און זיך גענומען זאָגן מוסר פון דער הייך:

— צי בין איך נישט דער וויסנשאַפטס דערגרייך,
וואָס לאָזט די צוקונפט זען, ווי מיט שפּאַקטיוון,
די רײַכע פּערספּעקטיוון,
די גליקן, וואָס איך ברענג פאַר דײַנע קינדער?
און נאָר אַ בלינדער...

נאָר ס׳שלאָגט די ערד איר איבער מיט געבעטן,
מיט ווייכע רייד נעמט גלעטן:

— אָך, טײַבעלע, פון אויפרעג זע זאָלסט נאָר נישט פּלאַצן,
אַניט כ׳על האָבן זיך צו קראַצן,
ווי דאָרטן... דאָרט... אין די געטראָפענע געביטן!...

און תּפילהט צום באַשאַפער, וואָס די ערד באַשײַנט:
אוי היט מיך, טאַטע זיסער, פון די גוטע פרײַנט,
פון מײַנע שונאים כ׳וועל אליין זיך היטן!

## דער לייב אין זײַן קאַמפּלוסט

אויף איינעם אַ באַראַט אין קיניגלעכן הויף
הייבט זיך אויף
דער אַלטער גענעראַל, דער בער —
לײַדט, נישדאָגעדאַכט, אויף אַסטמע, אָטעמט שווער:

— אַדוני מלך, גרויסער האַר!
דער שלום פֿון דער וועלט איז אין געפֿאַר.
ס'איז קלאָר, מײַן רעקס,
ווי דרײַ מאָל דרײַ איז זעקס:
כּדי דעם שלום אויסצוהיטן פֿון אַן עין־הרע,
מצד די שכנים אונזערע, קאַטאַרע,
וואָס האַלטן אונז נישט קליגער פֿון דער ציג,
מוזן מיר דערקלערן קריג.

דאָ שטעלט זיך דער אינערן־מיניסטער וואָלף —
אַ גרויסער מעצענאַט און ליבהאָבער פֿון גאָלף:

— נו מילא, — מאַכט ער, — וואָס קאָן שאַטן?
ט'קאָסטן דאָס געשעפֿט אַ הונדערט טויזנט יאַטן.

— אויב נישט מער נאָר, —
טוט דער הירש אַ פֿיר מיט זײַנע הערנער.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קרעכצערײַ, —
ווערט בייז דער קיניג, — און צען מאָל אַזוי פֿיל, איז נישט כּדאַי?

— אַ גאַנצן מיליאָן, — כאַפּט אָן דעם הירש אַ ציטער, —
אָך, ווי ביטער!
הײַנט די חורבנות, די אבלים.

דאָ איז דער לייב אַרוים פון זײַנע כּלים,
אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש מיט אַ געשריי:

— אַפילו צוויי,
האָט אויך בײַ מיר נישט קיין ממשות! —
נ׳אַליין געפאַלן אין חלשות.

ס׳זענען באַלד אַרײַן צוויי לייבנטעס, פון זײַנע פרויען,
זײַן דאָקטער, נ׳אים אָוועקגעפירט אין די פּאָקאָיען,
אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע.
ר׳האָט מיט זײַן קלאַפּ אין טיש פאַרשטאָכן זיך די לאַפּע...

## דער קאַנאָן און דער בלומענקוסט

אין איינעם אַ בולוואַר, גאַנץ אויבנאָן,
געשטאַנען איז אַ מעכטיקער קאַנאָן.

צי ווײַל סע האָט ס'געוויסן אים געצופּט,
צי ווײַל דער נאַר האָט אים געשטופּט,
סע האָט זיך אים פֿאַרגלוסט זיך רייצן מיטן קוסט:

— אַ גרויס רחמנות נעבעך... אַרום דיר — ווי פּוסט.
קוים איינמאָל אין אַ פּורים, ווען סע קומט דער חודש מאַי,
סע גייען די שפּאַצירער דאָ פֿאַרבײַ,
קומט איינער צו, פּליקט־אָפּ אַ בלום
און גייט זיך ווײַטער, קוקט אויף דיר אַפֿילו זיך נישט אום.
און איך? צי בין איך נישט דער סביבהס קרוין?
סע קומען קינד־און־קייט
פֿון נאָענט און פֿון ווײַט
באַוווּנדערן, באַטראַכטן מיך מיט שטוין.

— ווי טעמפּ, גראָביינגעריש איז דײַן געדאַנק, —
אים ענפֿערט שטאָלץ דער קוסט, — איז דען נישט קלאָר
פֿאַר יעדן איינעם, אַז אויף מײַן געשאַנק
מען קוקט־אַרויס דעם גאַנצן טייל פֿון יאָר?

און ווען מײַן בלום צעבליט זיך ענדלעך,
קומט מענטש זי נעמען זיך, ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך.

און דיך,
זע איך,
באַטראַכט דער מענטש מיט בליק, מיט שאַרפֿן
און קלערט דערבײַ:
„אוי גאָטעניו, הלוואי
מ'זאָל נאָר דאָס נישט באַדאַרפֿן!"

## דער פאַריאָריקער שניי און ס׳אויסגעבלאָזן איי

פינקט ווי ביַי דעם אַלטעטשקן קרילאָוו, דעם זיידן —
זאָל האָבן מ׳ליכטיקן גן־עדן —
איז אויך ביַי מיר געשען: סע האָבן וויסיכוואָסן צוויי,
אַן אויסגעבלאָזן איי מיט דעם פאַריאָרעדיקן שניי
גענומען זיך באַשיידן ריכטיק
ווער פון זיי איז וויכטיק.

— מיר דאַכט זיך, חברל, אַז איך, —
האָט ס׳אויסגעבלאָזן איי באַשלאָסן וועגן זיך.

— איַי דו שמענדריקל, דו גאָלע גאָרנישט, —
צעחוזקט זיך דער שניי, —
סאַראַ חוצפּה! ניין, דו ביסט צו מיר קיין פּאָר נישט.
נישט איך האָב צוגעדעקט די ערד אינגאַנצן,
קינדער זאָלן שליטלען זיך און טאַנצן,
און די לופט געלײַטערט, שאַרף געמאַכט ווי וויַין?
הייַנט די ווינטער־תּבואה אויסגעוואַרעמט פיַין...

— און איצט ווער דאַרף דיך? ביסט צו אַלט,
און וואַלגערסט זיך אַ קויטיקער אין באַרגס איעדן שפּאַלט.

— און דיך ווער דאַרף איצט? כאַ־כאַ־כאַ, אוי־וויי!
דו אויסגעבלאָזן איי!

פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַדורכגעשטאָכן,
אויסגעהוילט פון תוכן?

— קלאָר, — גיט־צו דאָס איי, — מיר זענען ביידע אָן באַדײַטונג,
און שרײַבן וועגן אונז, מען שרײַבט נישט אין דער צײַטונג.
דאָך ווילט זיך שיער נישט גלויבן,
אַז וויכטיק בין איך בײַ די מענטשן און דערהויבן,
אויב אויכעט צוליב מיר — אויף מײַנעמאָנעס —
ברעכן אָפטמאָל אויס בײַ זיי מלחמות...

## דער וואָלף מיטן בער

אין ווילדערניש פון בערג־און־טאָלן, רײַך
מיט וואלד און טײַך,
מיט שאָף און רינדער,
זאַנאָדעט האָבן זיך ר׳ וואָלף און בער מיט זייערע געזינדער.
געזען: ס׳איז דאָ אַזוי זיך דאָ צו רירן,
סע פעלט נישט אוים דאָס אָכלען — נעמט מען אינטריגירן.

— דער באַרג איז מײַנער, — הייבט דער בער אָן ברימען, —
אַ סימן,
ער קלעפּט זיך צו מײַן פּיאַטע, ווען סע גייט אַ רעגן.

— אַ סימן, — שטשירעט וועלוול זײַנע ציין, — די באָבע וועט זיך לייגן.
נישט דײַנער איז דער באַרג, נאָר מײַנער!

אַזוי טאָג־טעגלעך: „דײַנער — מײַנער; מײַנער — דײַנער״,
ביז איינמאָל אין אַ טאָג — און וואָלף מיט בעריש,
באַוואָפנט מיליטעריש
מיט ציין־און־נעגל —
צוזאַמענקנוילט זיך ווי אַ בייגל
און איינס אין צווייטנס פעל זיך אײַנגעביסן
און פאַסנווײַז געשליסן, —
און טיף אין אָפּגרונט זיך אַראָפּגעקײַקלט.

אַ האָגל האָט צום טויטנטאַנץ זיי צוגעפּײַקלט.

# אַ מאָלער

ס'האָט איינער אַ מאָלער, אַ שטיקל בן־תּורה
פֿאַרנומען זיך מאָלן אַ בילד פֿונעם בורא
און לאַנג זיך געמיט
געניט,
פֿאַרשטענדיק,
און ווען ר'האָט באַשלאָסן: „דאָס איז עס. געענדיקט",
באַוויזן דעם עולם:
„אָט האָט איר אַ בילד פֿון רבונו־של־עולם":

אויף פֿעלדזיקן טראָן, ביַי דעם זוים פֿון דער ערד —
אַ גיבור, אַ יינגער. זיַין האַנט אויפֿן שווערד
פֿון גערעכטיקייט, רויט ער, און כוואַליענוויַיז פֿאַלן
פֿון אונטער דער קרוין זיַינע לאָקן ווי שטראַלן.
דער בליק זיַינער מילד און דאָס פּנים צעשמייכלט
מיט פֿרעמדן פֿאַר אונז און נישדאָיִקן שׂכל.
דאָס מאַכטיק געשטאַלט אין קאָלירן־סימפֿאָניע
פֿאַרקערפּערט די קאָסמיש־געהיימע האַרמאָניע.

ווען מענטשן אים פֿרעגן מיט שטוין אין די אויגן:
„וואָס האָט עס, הער מאָלער, דערצו איַיך באַוואויגן?"
דערקלערט ער: „ס'איז קלאָר אים:
ווען גאָט וואָלט באַשאַפֿן דעם מענטש אין זיַין פֿורעם,

װאָלט מענטש אויסגעזען לויט דעמדאָזיקן מוסטער.
װאָס מיינט איר, אַז גאָט איז אַ שוסטער?...
זײַט מוחל, ס'איז נישט קיין קאַטאָװעס.
אין חומש בראשית — אַ טעות...
מיר מעגן זײַן זיכער, מיר נישטיקע אַפן:
דער מענטש, אָ דער מענטש איז נאָך גאָרנישט באַשאַפן..."

## נישט די וועלט

נישט די וועלט איז קראַנק.
פֿאַרלוירן האָט איר דעם געדאַנק.
דערפֿאַר איז די וועלט אײַך אַ שטײַג,
ווו אומגליק, סכּנה באַלייטן.

ווי ס'טוט זיך דער האַס אַ צעצווײַג
און מיט ווילדער רציחה
איר וואַרפֿט זיך באַלד איינס אויפֿן צווייטן,
ווען איר מיינט, אַז אַ ביסן
וואַרפֿט דער שׂטן אײַך צו אין דער שטײַג.
דערנאָכדעם: צעביסן, צעריסן,
איר קוקט זיך אַרום און דערזעט —
אַ פֿײַג...

## בבל־טורעם

מיט פנימער צעקרימטע און אָדערן ווי בײַטשן,
דורך טעג און דורך נעכט, אין רעגן, אין שטורעם,
מיר שטייען זײַט טויזנטער יאָרן פאַרזונקען אין מי —
מיר בויען אַ טורעם.

וואָלט געקאָנט אונזער טורעם דאָך זײַן אַ פּאַליי —
פון פאַלייען דער שענסטער:
די ווענט — מאַלאַכיט, די געזימסן — פון גאָלד,
און רעגנבויגנדיקע פענצטער.

און זאָלן פון עלפנביין, איידל געשניצט,
און הויך זאָל אין הימל זײַן קרוין זיך צעבלאַנקען.
קומט־אָן דער שׂטן מיט בייזוויל און שפּאָט
און נעמט און צעמישט די געדאַנקען...

און מענטש איז נישט קיין מלאך, אַ ניין,
זײַנע עלנבויגנס — נישט קיין פליגל,
זאָגט איין ברודער צווייטן: „גיי ברענג מיר ליים",
גייט ער און ברענגט אים ציגל...

און קיינעם פון אונז לײַכט נישט אויף דער געדאַנק,
אַז ס׳האַלט אונז דער שׂטן אין קלאַמער.
זאָגט איין ברודער צווייטן: „דערלאַנג מיר אַ טשוואָק",
גייט ער און ברענגט אַ האַמער...

און מענטש איז נישט קיין מלאך, אָ ניין,
זײַנע עלנבויגנס — נישט קיין פליגל,
געדויערט נישט לאַנג, און אַנשטאָט צום בוי,
הייבן־אָן פליִען אין קעפּ די ציגל.

ראַנגלט זיך מענטש מיט מענטש און די דורות פאַרגייען
אין ליידן און פּײַן, און אין וויסטן געווימל.
און דער טורעם שטייט אַליין נישט פאַרענדיקט און קלאָגט:
„אַנשטאָט אײַער שטאָלץ, בין צו שאַנד בײַ דעם הימל"...

## היימישער סעכאַקל

א

אונזער וועלט ווערט אַלץ באַרײַכערט,
וויסנשאַפט איז איר דערנערער.
נאָר דאָס בידנע ביסל יאָרן
דורכצושטופן ווערט אַלץ שווערער...

אויפגעשטאַנען גרויס און מעכטיק
איז אַ „נביא" — אַ באַצווינגער
מיט נביאימלעך — באַדינער,
קדוש-טענצער, און באַזינגער.

„אַלטע אָרדנונג איז פאַרשימלט,
טיילט דאָס פאָלק אויף רײַך און אָרעם.
אָט וועט ער זיך דאָס אַ נעם טאָן
געבן וועלט אַן איבערפורעם".

נאָר צעשטערן און פאַרוויסטן —
איידער בויען — זעט-אויס גרינגער...
איז זײַן האַק שוין אויך געפאַלן
אויף די קעפּ פון די באַזינגער...

ב

נײַער אָפּגאָט אויפגעטורעמט, —
נאָר געבליבן אַלטע יאָכן;
נישט קיין שבת, נישט קיין יום־טוב, —
בלויז איין גרויער אינדערוואָכן.

אויסגעהוילט פון תוכן, קלאָגט זיך
אונזער היים אין וויי, אין שטומען:
„פון איין ברעג אַוועקגערודערט,
צו אַ צווייטן — נישט דערשוווּמען".

חיפה, 1957

## אַ פרוי האָט געשיידט זיך

אַ פרוי האָט געשיידט זיך
מיט צײַט און מיט אָרט
און אײַן קבר מיט זיך
מיטגענומען אַ וואָרט,

אַן ענפער אויף פראַגע:
„יאָ? אָדער: ניין?"
און יאָרהונדערטער־אוים,
און יאָרהונדערטער־אײַן

סע פיקט אינעם מוח
פון וועלט, ווי אַ קראָ,
די גורלשע פראַגע:
„ניין?" אָדער „יאָ?"

און וואָלט געווען „יאָ", —
ווי ווויל אונז און גוט.
געבענטשט וואָלט געווען דאָ
איעדער מינוט...

און אויב סע איז „ניין",
איז מילא... איז נו...
אַבי זאָל דער שד
נישט פרעסן די רו...

צאַפּלט זיך וועלט,
געפינט זיך קיין אָרט,
און אַלץ ווײַל די פרוי
איז אַוועק מיטן וואָרט.

## אין לאַנד פון קיניג „נאָך"

אין דעם לאַנד פון נויט און יאָך,
ווו סע הערשט דער קיניג „נאָך"
איז געווען אַ גרויסער הינגער.
ס'האָט די נויט גענומען שטיקן,
נישט געווען איז וואָס צו פּיקן,
סײַדן נעם און זייג די פינגער.

איינמאָל אין אַ איוודעוואָך
הייבט זיך אויף דער קיניג „נאָך"
(יאָ, כ'דערמאָן זיך: „נאָך, דער שיינער",
אַזוי פלעגט מען דאָרט אים רופן),
פרעגט די הויפלײַט וואָס זיי שלאָפן
אין אַ צײַט, אַזאַ געמיינער.

הייסט דערלאַנגען זיך פּאַפּיר,
טוט דערויף די פּען אַ פיר —
שרײַבט אַ רוף צו די סאָלדאַטן:
„...וואָס־זשע שווײַגט איר נאָך אַצינדער,
מײַנע ליבע, טרײַע קינדער,
אוי, אַ רוח אין אײַער טאַטן!

נעמט איר נאָר געווער אין האַנט,
קומט איר אין אַזאַ מין לאַנד,
ווו מע קאָן זיך אַלץ דערלויבן.
ווער ס'איז נאָר אַ גוטער עסער,
פליִען דאָרט אים גלײַך אין פרעסער
פריש־געבראָטענע, די טויבן!"

זאַמלען זיך געשווינד בײַם ראַנד
פון אָט־דעם געגאַרטן לאַנד
זעכציק טויזנט מאַן — סאָלדאַטן,
גראָבן גריבער אויס אַזוינע
סאַמע בײַ דער נאָז פון שׂונא
און זיי לאָדן די האַרמאַטן.

גייט דאָרט אָן אַ גרויסע שלאַכט
זיבן וואָכן מיט איין נאַכט,
ביז סע טרעפט אַ קלאָג אַ מײַסע
זעכציק טויזנט מאַן — סאָלדאַטן
(פײַנע, אָרנטלעכע יאַטן!)
און זיי ליגן שוין אין גסיסה...

ליגן זיי און זשיפּען קוים,
קומט צו גיין צו זיי אַ טרוים:
אויסגעזעצט בײַ טישן גרויסע,
ווי אין גאָרטן בײַ דעם טאַטן,
עסן זיי סאַלאַט און „בראַטן"
און זיי מאַכן דאָרט אַ קויסע.

און דער קיניג „נאָך" אַליין,
אויסגעפּוצט אין קליידער שיין,
מיט אַ שמייכל אַ פאַרשטאַרטן,
גייט־אום צווישן „זײַנע קינדער",
פרעגט איעדערן באַזינדער:
„ביסטו נישט אין לאַנד געגאַרטן?"

און דערשלינגענדיק דעם בים,
שטעלט זיך אויף אויף זײַנע פּים
יעדער איינער אונטערטעניק
און מיט אַ סאַלוט דערקלערט ער
קלאָר און שאַרף די פינעף ווערטער:
„יאָ, געווים, מײַן גרויסער קעניג!"

# מורעשקעס

## געדאַנקען פון אַ פויער

א

די מורעשקעס,
וואָס קומען צו גאַסט אין מײַן געצעלט,
לויפן אויף זייער שטעגל אַהין-און-צוריק,
ווי די אויטאָס איבער שטאָטישע גאַסן.
זיי קומען אַרויף אויף מײַן טישל,
ווו זיי האָוען גאַנץ באַלעבאַטיש אַרום,
זוכנדיק אַ ברעקל.

טרעפט זיך:
אַ מורעשקע פאַרבלאָנדזשעט צו מיר אויף מײַן אָרעם,
זי בלײַבט אַ רגעלע שטיין,
זיך אײַנהערנדיק אין דעם ריזלען פון מײַן בלוט
אונטער דער הויט.
נאָר ווערט געפּלעפּט מיטן שטראַל פון מײַן בליק
און ציט זיך צוריק.
און דאָס ברענגט מיך אויפן געדאַנק,
אַז אויב איך וויל,
איז דאָס לעבן זייערס בײַ מיר אין די הענט.
און איך דערפיל דאַן אַן עקל צו זיי...
„דאָס קלײַבן זיי שפּײַז אויפן ווינטער",
קלער איך:
„און דאַן ווען די שטורעמס וועלן בושעווען אין דרויסן,
וועלן זיי אין די אונטערערדישע פּאַלאַצן זייערע,

אַנצינדן ליכטער
און פּראַווען מסיבות,
זיך לאָזן װוילגיין
מיטן אַנגעזאַמלטן האָב-און-גוטס פֿון זייערע אַמבאַרן"...
און פּלוצלינג פֿאַלט מײַן פּויסט — אַ דונער — אויפֿן טיש
און מײַנע ליפּן צעבלאָזן אַ שטורעמווינט —
און די מורעשקעס פֿליִען אַלע אַראָפּ אויפֿן דיל.
און איך נעם זיי טרעטן מיט די פֿיס
און פֿאַרניכטן...

און די מורעשקעס,
וואָס ראַטעווען זיך פֿון אונטער מײַן טראָט,
אַנטרינען אין זייער אונטערערד
און טוען תּפֿילה צו מיר,
מיינענדיק איך בין זייער אַלמעכטיקער גאָט,
טוען תּפֿילה
איך זאָל אײַנשטילן מײַן צאָרן.

ב

איך בין דער גאַט פון די מורעשקעס.
פאַרוואָס טאַקע נישט?
איך האָב זיי אויסדערוויילט פאַר מײַן פאָלק
און מײַן פעלד זיי אָפּגעגעבן פאַר אַ נחלה,
און באַפוילן: זיך פרוכפּערן און מערן,
ווערן ווי זאַמד און ווי שטערן...
איך האָב זיי געבענטשט מיט חכמה און פלײַס
און זיי מיינען: איך טו זיי אַ טובה דערמיט...
דאַנקען זיי מיט תּפילות און תּעניתים
און לויבן מיך ביזן זיבעטן הימל...

נאָר אַז ס'קומט דער פריהאַרבסט
און איך נעם זיך צעאַקערן מײַן פעלד,
איז אָך־און־וויי די מורעשקעס.
דעמלט גיי איך נאָך דעם אַקער,
איבערקערנדיק די גרודעס ערד
מיטן בויך אַרויף
שוין אויך צוזאַמען מיט זייערע נעסטן
און דעק זיי אָפּ פאַרן פּנים פון דער זון...
און די מורעשקעס, אומגעריכט־געטראָפענע,
שוויבלען־אַרום אין בהלה,
פרוּוון ראַטעווען וואָס סע לאָזט זיך,
דערהויפּט די אייעלעך — זייער נאָכקומענדיקן דור,
וואָס זיי טראָגן־אַרום אין זייערע מײַלער,
נישט ווויסנדיק וווהין...

## דער אָקס

דער אָקס האָט דערקענט דאָס ליכט פון פרימאָרגן,
שטייט ער רויִק אין שטאַל, ווי תּמיד — אָן זאָרגן.
זײַן קאָדע * פירט העפּטיק אַ קריג
מיט אַ פליג.
ער שטרעקט-אויס זײַן מאָרדע געשפּאַנט,
פּרוּווט מיט דער צונג אַ לעק טאָן אַ שטראַל אויף דער וואַנט,
וואָס די זון שיסט-אַרײַן דורכן פענצטער.
דערמאָנט זיך אין דפנהן, זײַן שענסטער:
„ערשט קוים פון דער קינפּעט... איר קליינס,
דאָס קעלבעלע — אַזאַ שיינס.
וועט זײַן אַ יאַטל פון יאַטן.
אינגאַנצן געראָטן אין טאַטן”...
טוט אַלעמאָל אַ פיר
מיטן קאָפּ צו דער טיר
צי באַווײַזט זיך שוין נחום, צי זײַן פלוניתטע באַשע
און מ׳פירט אים אַרויס אויף דער פּאַשע.

נאָר זײַנע אויגן דערזעען מיט שטוין:
אויסגעוואַקסן לעבן אים שטייט אַ מאָדנער פּאַרשוין.
די הענט אין די טאַשן, באַטראַכט אים גאַנץ מעסיק.
„וואָס זאָל עס באַטײַטן? עפּעס נישט גלאַטיק דער עסק.

---

* עק, ווײדל.

זעט מיר אוים גאַרנישט סימפּאַטיש... היתּכן?...
ווייסעכוואָס! אַן אָקס דאַרף האָבן בטחון".
ערשט ווען ס׳פירט אים דער יונג מיטן זײַטיקן וועג,
דערמאָנט זיך דער אָקס: „אַ וויפל מאָל — טעג,
אַז איך האָב אַ ברודער באַלייט אַהער מיט מײַן בליק
און איז מערנישט געקומען צוריק...
אַך, צום טײַוול, וואָס פאַר אַ נישגיטע!
נישט שוין־זשע, רבונו־של־עולם, שמעקט עס מיט שחיטה?"

דאָס האַרץ פאַלט אים אײַן, די קני ברעכן זיך אונטער,
דער אָטעם אָפּגעהאַקט, און די אויגן ווי צונטער,
זוכן וויינענדיק אין דער ווײַט:
„פונוואַנעט קומט די רעטונג, ווײַל ס׳איז נאָך צײַט?
אפשר אַ שטוים דעם רוצח, דעם ווערגער,
צי וועל איך נישט אָפּשנײַדן ערגער?
אַ ביטער, ס׳איז ביטער, געציילט די מינוטן.
אפשר פראָבירן מיט גוטן?
מסתּם אַן אויפגעקלערטער... צי גאָר אָרטאָדאָקסיש...
וואָס טוט מען אָבער, ער פאַרשטייט נית קיין אָקסיש!
יאָ, מײַן הילף — נאָר איין גאָט, וואָס אין האַרצן אין פיל אים".
און ס׳הייבט־אָן דער אָקס אַ קאַפּיטל אָקסישן תהילים:

„אַ גאָטעניו־פאָטער, איך רוף צו דיר אין מײַן נויט,
אַרומגערינגלט האָט מיך דער טויט!
און וואָס וועט זײַן מיט דפנהן, מײַן ליבער,
און ס׳קעלבעלע, אויף וועמען לאָז איך זיי איבער?
אַך, דאָס פּיצל... געהערט אליין ס׳האָט אַ זאָג געטאָן נחום,
אַז ס׳וואַקסט אַ קעלבעלע — אַ חכם!
פאַרנעם־זשע, גאָטעניו, מײַן געבעט.
זאָג, פאַר וואָסער אַ חטא
אַרויסגעטראָגן אויף מיר אַזאַ גזר?
צי נישט בלויז דערפאַר

ווײַל דעם צווייפיסיקן, קרומען
בין איך געשמאַק אויפן גומען?...
טו אָפּ פון מיר די שטראָף פון אַלדי רוחות
אין זכות פון מײַן קידוש־השמיקן יִחוס", —
טענהט אַליין דער אָקס, נאָכפאָלגנדיק בלינד,
און אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד
דעם יִינג אויפן וועג צו דער בוינע.
ביז ס'דערזעען זײַנע צוויי ברוינע,
אַז ס'האָט דער וועג צו דער שחיטה אַפילו
נישט געקלעקט פאַר זײַן תפילה...
און שטיל, און שאַ
אויסגעגאַנגען אונטערן חלף מיט אַ שמע.

# די וועלט

איעדן פרימאָרגן,
ווי נאָר איך עפן די אויגן
און פאַרלאָז מײַן געצעלט,
קומט זי מיר אַקעגן,
אַ צעשויבערטע,
אַ באָרוועסע,
אין איר בלויער הימל-פעלערין,
די זון — אַ רויז אין איר לאָץ.
און מיט דעם שמייכל פון אַן אייביק-געשענדיקטער
און אַ גרייטער געשענדיקט צו ווערן,
פאַרנייגט זיך פאַר מיר,
באַרירט מײַן געהירן...
און וויל איך זאָל איר גלייבן,
אַז נישט אַנדערש
נאָר זי איז דאָס די וועלט...

## פראַגמענטן פון אַ בריוו

דו קלאַגסט זיך: „אויף דער זיקנה גאַנץ אַליין געבליבן,
פאַרוואָס אַזוי לאַנג שוין ניט געשריבן.
געוואָרן קאַרג דאָרט, אין דײַן תּל־אביבֿ
אַן אַלטן טאַטן צו דערפרייען מיט אַ בריוול".
דו ווייסט: אויף אונזער וועלט — שוין ווידער יאַנטעוודיק און פריילעך...
שוין ווידער קלײַבט מען זיך דעם אַשמדאי צו קריינען פאַר אַ מלך
און איך זוך אַלץ אַ ווינקעלע אַן אייגן,
אַוווּ דעם מידן קאָפּ אַוועקצולייגן
נאָך אַלדעם וואָגל אין די ווילדערנישן, טײַגעס...
דערצו — די סיטרא־אַחרא און די דײַגעס...

דו פרעגסט: „ווי גייט מיר אין מײַן דיכטונג",
מײַן ליד — נאָך אַלץ נישט צוגעקלעפּט זיך צון אַ ריכטונג.
איך האַלט, אַז סײַ אין גראַם און סײַ אין פּערז אין ווײַסן
באַדאַרף מען שמײַסן דעם, וואָס ס'קומט צו שמײַסן,
און לויבן דאַרף מען אַלץ, וואָס ליב און טײַער.
איך קאָן נאָך אַלץ נישט גיין אויף שטריק, צי שלינגען פײַער,
ווי מײַנער אַ קאָלעג, וואָס האָט זיך זײַן שגעון.
ער וואָלט בעדײַ דאָס העמד פאַרזעצט אַבי צו זײַן אַ גאון...
און שטאַמען, אַגבֿ, שטאַמט ער פון בעל־שם־טובֿ יִיחוס,
אויב כ'האָב קײַן טעות נישט... און אין זײַן לידערישער שליחות
צעשפּאַלטן קאָן אַ האָר אויף צווייען,
באַזינגען די פאַריאָרעדיקע שנייען...

שטאָט זײַן ווי איינער פון די חוצבים אין תּנך,
זיך פּאַשעט אויף זײַן פּלאַך
און מעלה־גרהט דאָ־און־דאָרט אַ גרעזל,
און ציטערט פאַרן קלענסטן ווינטל ווי אַ העזל.
האָט אויך אַ אָפּנע האַנט
צום נעמען... נ׳אַ נטיה צו דער מיזרח־וואַנט...

איך גרים דיר האַרציק. אויך מײַן חבר סרול
דיר גריסט. ער קוקט נאָך אַלץ אַרוים ווי דול,
אַז גאָט זאָל אים אַראָפּשיקן אַ נס
דירעקט אויף זײַן אַדרעס...

## אַ בריוו צו דער לבנה:

איך בין גאָרנישט מקנא דיך.
מײַן גאָטלויזער דור
מיט די „קלוגע” מאַשינען
קריכט צו דיר, וויל דיך פאַרשפּינען,
דײַן רחבות צעפּענעצן,
באַגליקן מיט גרענעצן,
דיך קרייצן
און דיך נעמען פאַרפּלייצן.

און אַן אָנצאָליק-קעפּיקער,
וועט באַלד יעדער קאָפּ
„האָפּ-האָפּ”
אויף דײַן לײַב זיך צעטאַנצן
און דיך וועלן אײַנגאַנצן...
און שוין זע איך קוימענעס,
רויכיקע, שטאַרצן,
דײַן פּנים פאַרשוואַרצן...

ס׳באַדויערט דיך שטאַרק
די ערד, איר אַטלאַנטיק,
דו בלאַסע פּרינצעסן
פון נאַכט און ראָמאַנטיק.

# חי-געלעבט

## מײַז אויף דער שיף

נישט אזוי, ברידער, דער וועג
פון דער שיף, אונזער לעצטיק פארמעג,
אויף די שטורמישע וואסערן,
ווו די כוואליע — א גרויליקע שפאסערן;
און אויך נישט די ימניקעס*, יינג, נישט דערפארן
אין קלעם פון געפארן, —
נאר די מײַז,
וואס פארצערן די שפּײַז,
צעגריזשען די ווענט מיט די דילן,
אבי נאר דעם הונגער צו שטילן.

מאדנע, ווי ס'וואקסן בײַ זיי די אפּעטיטן
סאמע אין מיטן
די תהומען,
אויף כוואליקע שוימען!
נישטא גאר קיין גרענעץ די תאוות, די טרייפע,
מעג זינקען די שיף, און מעג קומען א שריפה.

און טרעפט אז א מויז
(פון א בעסערן הויז)

---

* מאטראסן.

נעמט מוסרן, ריידן:
„חברה, אַ קאַפּעטשקע מערער באַשיידן.
נישט אַלץ — עולם־הזה, נישט אַלץ — נאָר דער ביסן.
און וואָס איז מכּוח אידעאַלן, געוויסן?...״
ווערט אַ גערידער און מ׳קומט צו קיין טאָלק נישט.
נאָר יעדער מויז פּישטשעט: „דאָס פאָלק איז קיין פאָלק נישט...
ווייסט נישט ווו־אַן־און־ווו־אוים, פון קיין סדר.
מע דאַרף עס נאָך שיקן אין חדר...
מאַנעשער, טרעפט מען אַ מויז, וואָס האָט ליב זיך פאַרגעסן,
אַפּטיט וואַקסט ביי איר מיטן עסן,
טאָ שפּאַרט מען זי אײַן, די צעדרייטע״.
דערביי אָבער מיינט יעדער מייזל דאָס צווייטע...

חיפה, 1952

## מעכל און זײַן ציג „זיסל"

אימפּראָוויזאַציע

צוגעבונדן „זיסלען" אויף אַ שטריק בײַם טויער,
זאָגט איר מעכל אָן:
„דאַ־אָ שטיי און לויער.
זעסטו אײנער קומט אַהערצו מיט אַ טעקע,
לאָז מיר וויסן, כ׳בעט דיך, מיט אַ מעקע.
באַלאָדן זענען מײַנע הענט מיט אַרבעט איבערפול,
ס׳וואַרט די שטאַל, דער לול..."

נאָך אײדער ס׳האָט די מיטאָג־שעה דערגרייכט,
זעט „זיסל" אײַן: ס׳איז שלעכט.
זי איז שוין הייזעריק...

— צום טײַוול, באַלעבאָס, — שרײַט בײזעריק, —
כ׳פּאַרשטיי נישט וואָס מע וויל פון דיר, וואָס דער באַצוועק איז
פון אַלע די אָנשיקענישן מיט די טעקעס!...

— זעסט נישט? — קלאָגט זיך מעכל, — פאַר דער צײַט כ׳טו וועלקן.
דאָס קומען זיי מיך מעלקן.

— דעם גאַנצן טאָג? און דו — דו לאָזט זיך... מעכל, מעכל,
וווּ איז דײַן שׂכל?

— אַ ברירה... ס'העלפֿט אונז דאָ זיך קלינגען?
דערויף, מײַן ליבע, זענען מיר דאָך ציגן.

— אַזוי גאָר? — האָט די ציג זיך שיער פֿאַרהוסט, —
האָב גאָרנישט ניט געוווּסט.
וועסט מוחל זײַן, נישט צערנען.
צו זײַן אַ ציג, זעט־אויס, דאַרף איך בײַ דיר זיך לערנען.

## תנובה

בײַ גימפּל קאַץ אין תּנובֿה
באַדינט זײַן טעכטערל אהובֿה...

די צרה אָבער, כ׳מיין,
וואָס פּוטער האָט די קאַץ נישט פֿײַנט אַליין.
געניסן טאַקע בײַ ר׳ גימפּלען זײַנע עסער
קוים אויפֿן שפּיץ פֿון מעסער.

לייגט־אוים סטראַטעגיש אויפֿן ראַנד פֿון טעלער
די פֿינעף איילבירטן, דעם כּזית קעז אינמיטן.
אַמאָל אים דאַכט: אין דער סטראַטעגיע ער באַגייט אַ פֿעלער,
און ס׳ווערן די פּאָזיציעס פֿון דעם קעז און פֿון די איילבירטן געביטן.
נאָר דריי אַהער־אַהין, אין טעלער קומט דערפֿון נישט צו.
נ׳אויף געבן ריינע מילך — „צי איז ער דען אַ קו?״

און אומפֿאַרשעמט ער מאַכט אַ לעבן,
אויף יענעמס מאָגן אָנגעפֿילט דעם טײַסטער. —
אויף נעמען געלט פֿאַר גאָרנישט געבן
איז גימפּל קאַץ אַ מײַסטער.

## לארץ־הצבי

אַ לאַנד מײַנס, נישט קײן הירש ביסטו.
ביסט גיכער ענלעך צון אַ קו,
וואָס פּאַשעט זיך מיט אײַטערס פולע,
און רופן, רופט מען זי „גאולה".

ווער ס'אַקערט פעלד און גרייט די פּאַשע
און וואַסער האָט דערפון אויף קאַשע;
און ווּעמענס וועג — געשפּרייט מיט נעלקן,
און ווייסט נאָר איינס: גאולהן מעלקן...

## רחמיאל חיים־חנא

רחמיאל חיים־חנא,
וואָס האָלט, אַז רעדן איז אַ געטלעכע מתּנה,
האָט ליב צו מאָלן וואָס ר׳וואָלט אַלץ געמאַכט,
ווען איבער נאַכט
ר׳זאָל ווערן כאָטש אַ שטיקל מיליאָנער:

„...ווער וואָלט געקאָנט צו מיר זיך גלײַכן, ווער?
איך וואָלט אַרומגעגאַנגען איבער גאַסן שטאָלץ — אַ ספינקס,
געטיילט מטבעות רעכטס־און־לינקס,
אַוווּ איך זע: אַ קאַליקע, אַ בלינדער;
וואָלט אויסגעקויפט די ,יעדיאַט׳ בײַ קינדער
(און זיי אַהיימגעשיקט צום טאַטן),
ווי אויך דעם סטאָק בײַ אַלע בייגעלער־מאַגנאַטן;
געשאַפן וואָלט איך שטעלעס פאַר די מיטליאָריקע. די לײַט
דערפילן זאָלן, אַז זיך אָפּצוטראָגן האָבן זיי נאָך צײַט...
אין אָרעם־היימען כ׳וואָלט אַרײַנגעטראָגן פרייד״.

הכּלל, לויט זײַנע רייד
קומט שיער נישט אויס: ער וואָלט דאָס גאַנצע געלט
צעטרענצלט פאַר דער הונגעריקער וועלט,
און וואָלט דערצו דערלייגט נאָך פון זײַן קעשענע
צוויי קנעפּלעך מעשענע...

## חנא־חיים

שוין יאָרנלאַנג ווי חנא־חיים כאָוועט אַ פאַרלאַנג
צו ווערן אַן אָראַטאָר, גאָר פון הויכן ראַנג,
אויפצושײַנען אין דער רעדנער־קונסט, אַ שטערן.
די צרה נאָר: ס׳וויל קיינער אים נישט קומען הערן...

איז ער געפאַלן אויף אַ גליקלעכער המצאה
(האָט אַזש פאַר גרוים הנאה
די באָרד, וואָס נישט געהאַט, גענומען גלעטן):
ער וועט פאַרבירן אײַנצואָרדענען באַנקעטן,
און ס׳וועט דער עולם זײַנע רעדעס, פײַערפינקען,
מיט טאָרט פאַרבײַסן און מיט ווײַן פאַרטרינקען...

און... דעמלט איז דער עולם יאָ געקומען.
אויסגעזעצט זיך בײַ די טישן און געשמעקט די בלומען,
געהערט דעם רעדנער מיט אַ שפּיץ פון אויער און באַשיידן
געלויבט דעם ווײַן און צובײַס: — „טעם גן־עדן,
דערהאַלטן אונז פון נישט צו פאַלן אין כאַלאַשעס..."

און חנא־חיים מיינט: דאָס לויבט מען זײַנע דרשות...

## אָראַטאָריע

אַ הערשער פון אַ לאַנד אין שיינעם טאָג האָט אײַנגעלאַדן
צו זיך אין פּאַלאַץ זײַנע יִנגנט־קאַמעראַדן.

זיך אויסגעזעצט אַרום דעם רײַך־געדעקטן טיש,
האָט עולם זיך פאַרנומען בײַצוקומען די פּאַזאַנען מיט די פיש,
און נישט פאַרפעלט לשם שמים
דעם גאָרגל צו באַנעצן, מאַכן אַ לחיים.

און ווען מען איז געוואָרן בגילופינדיק ביז גאָר,
פאַרגעסן וואָס מען טאָר נישט און מען טאָר
און אונטער די צעשוווּנגענע ידים פון מאַעסטראָ גרינבאָם
געזונגען זינגען „יאַכטשע בים־באָם", —
זיי האָבן זיך גערעשעט און געטאָן אַ פרעג
דעם הערשער צי געדענקט ער יענע טעג,
ווען ר'האָט באַזוכט די פרעלעגענטן־קורסן.
געלעבט ר'האָט דעמלט גאָר אויף אַנדערע רעסורסן...
פלעגט האַלטן זײַנע דרשות פאַרן היימישן חברים־קרײַז:

— „האָסט וועלטן אײַנגעלעגט: ,סע פעלט די בירגער שפּײַז,
בשעת די רײַכע באָדן זיך אין ווױלטיק, בריקעווען ווי ביקלעך.
פאַרטרויט נאָר מיר די מאַכט — און איר וועט לעבן גליקלעך!'"

נאָר ס'האָט דער הערשער אַקראָבאַטיש
פון ענפער זיך אַרויסגעדרייט און דיפּלאָמאַטיש
געגעבן אָנצוהערן:
— צי האָט זיך נישט פאַרגלוסט די ליבע הערן
זיך טרעפן מיט מײַן זיידן
אין ליכטיקן גן-עדן?...

---

נאַיִווע לײַט!
נישט אײַנגעפאַלן זיי, אַז דאָס האָט ער צו יענער צײַט
(שוין איצטער „פּרעהיסטאָריע"),
צום גרויס באַדויער,
זיך בלויז געיִבט אויף זייער אויער
אין הילכות אָראַטאָריע.

## בערל צדיק און די וואַלן

אַז ס׳איז געקומען צו די וואַלן פון אַ נײַעם פּאַרלאַמענט,
האָט בערל צדיק זיך די צונג געשליפן, גרייט צו דעם מאָמענט.
זיי צוגעזאָגט, די בירגער הייסט עס, גאַנצע בערג מיט גליקן:
מ׳עט קודם־כּל די נויט דערשטיקן.
ס׳עט יעדער איינער ווערן פּראָדוקטיוו,
דערהויפּט, אין תּל־אביב...
און דעמאָלט וועט אַפילו אַ גאַרילע
זיך קאָנען קויפן דאָ אַ ווילע...
מ׳עט זען אויך אויסצוגלײַכן דעם, וואָס הינקט
אויף זײַן געוויסן, אומבאַדינגט!
ס׳עט האָבן מער ווי בלויז אַביסל זיך צו שעמען
סײַ דער וואָס גנבעט און סײַ דער וואָס האַלט פון „נעמען״...
הכּלל, ס׳עט הייסן חי — געלעבט אין פריידן
בײַ בערלען אין גן־עדן.

צומאָרגנס נאָך די וואַלן? (טאַטע זיסער!) ס׳האָט זיך גלײַך
פון אַלע גליקן אויסגעלאָזט אַ טײַך.
קוים פרײַער אָפּגעאָטעמט, אויסגעגלײַכט די פּלייצעס,
האָט בערל פּעסט אין זײַנע הענט אַ נעם געטאָן די לייצעס.
ער האָט געהאַלטן, אַז אַן אומה טאָר נישט זײַן צעבאַלעוועט.
אײַ דאָס וואָס ער האָט נישט געזשאַלעוועט
און צוגעזאָגט? איז מילא... מ׳איז דאָך נישט אַזעלכע נאַראָנים
אויף נישט צו וויסן, אַז סע איז געוועזן לפנים;
אַז איינס איז מיטן דריטן
אַ קליינינקער מחותּן...

## צו ייִדיש

זיי ווילן דיך זען נאָר אַ גוסס...
דײַן לעבן אָבער איז מופס.

בײַם סאַמע ברעג פון תהום,
צום ביזווונדער פון די,
וואָס די טריט דײַנע בריִען,
איך זע דיך צעבליִען.

ס'ווילן דײַנע זין דיך נישט קענען.
מיינען: זיי זענען
אַנדערע...
די ליבע איטשע־מאירס —
פאַרגעסן ווער ס'האָט זיי געשלייערט...
ווינטשן דיר פון „אויבן" אַרונטער:
„גיי אונטער".

זיי זענען אויף דער עלטער געוואָרן
אַקטיאָרן...

נאָר דו בייגסט נישט דײַן קאָפּ,
אַ באַזיגטס, אונטערטעניקס.
פאַרברענט,
שטייסטו אויף פונעם אַש,
ווי דער פעניקס.

## דער גראַפאָמאַן

דער יִנגערמאַן,
וואָס איך באַשרײַב אים דאָ — אַ גראַפאָמאַן,
אַנטוויקלט אין זײַן פאַך, צעבליט...
איך נעם זיך דאָ נישט אונטער זײַן אַ ריכטער.
נאָר אויב מיר זאָלן איינעמס פייִקייטן מעסטן לויט זײַן אַפּעטיט,
איז ער אַ גרויסער דיכטער...

שטייט גערן צו, אַ שותּף, צו איעדן שרײַבער,
האַלט זייער פון שלך — שלי, איז נישט קיין איבערקלײַבער...
זײַן „דיכטערישע שליחות" —
אַ שידוך, וואָס זאָל גלאַנציקן מיט יִחוס,
דער עיקר, מיט אַ פּעטן נדן
(„אַ קפּורע", זאָגט ער: „אַלע די כּתב-ידן"...),
דערצו דאַרף זײַן די ווילע גאָר אַ פײַנע.
איז מילא. מ׳קאָן צו אים נישט האָבן דאָ קיין טענה...
נאָר חוצפּה שײַנט ער צו פאַרמאָגן גאָר אַ היבשע דאָזע:
אָט שפּרינגט דאָס יענעם אין די אויגן ווי אַ קאָזע,
אָט גיט זיך דאָס אַ שטעל-אַוועק אין נאַפּאָליאָנס אַ פּאָזע...

גלייבט ערנסט, אַז מיט זײַן געזאַנג
ער ראַטעוועט די וועלט פון אונטערגאַנג,
אַז גאָר נישטאָ צו אים קיין צווייטער,
אַז פריִער אָדער שפּעטער

זײַן רום וועט אויפשײַנען צעהעלט,
און קלינגען וועט מיט אים די וועלט.

טוט אַ שאלה אים אַ טאָרע:
„שעקספּיר, איך, און בײַראָן, און טאַגאָרע —
ווער פון אונז איז גרעסער אין זײַן שיר?"
לייענט, לייענט אונזער שרײַבעריסט
די לידער זייערע און ער באַשליסט:
„זיי קאָנען טאַקע אויכעט, אָבער קומען נישט צו מיר"...

# אַ דיכטער

פאַראַנען צווישן אונז אַ דיכטער,
פון יענע ליכטער,
וואָס האָט דערוועדט מיר זאָלן אים באַוווּנדערן,
אים קריינען מיט אַ טיטול, אַ באַזונדערן...

האַלט ריין דאָס שרײַבערישע פאַך,
ווי נישט קיין סך...

האָט פּײַנט די לויב-מיך-ביזנעס, ממזרישע דריידלעך,
ווי שבת-גוי די פּסחדיקע קניידלעך...

איז נישט געראָטן אין זײַן טאַטנס זון, למשל,
וואָס לײַדט אויף קלעפּטאָמאַניע... נ׳ווי דער בושל —
לאַנגשנאָבל, האָט ער ליב בײַ דעם צו טאָן אַ פּיק,
בײַ דעם אַ פּליק,
און אומפאַרשעמט-גענית
אַרײַנצופּלעכטן דאָס ווי „אייגנאַרטיקס״ אין זײַן ליד...

מײַדט-אויס אַבסורדן און רעטאָרישע פּאַטעטיק...

ס׳איז קלאָר, אַז פאַר דער בידנער שרײַבערישער עטיק
אַ וועג ער פלאַסטערט-אויס
לכל הפּחות, אויף אַ טויזנט יאָר פאָרויס...

## אין אַזאַ מין צײַט

סע מאַכט צו מיר אַנומלט אַ ידידל:
„ווי לאַנג וועסטו נאָך גרימפּלען אויף דײַן פידל?...

פאַרוואָר, ס׳איז הײַנט אַזאַ מין פּעריאָדע,
ווען טרוימערײַ איז מערנישט אין דער מאָדע.

ניכײַ וואָלטסטו געביטן כאָטש די כּלי,
ווי ס׳טוט די פּאָעטעסע באַשע-ביילע,

וואָס אויפגעגעבן האָט איר קאַמף פאַר ייִדיש
און שאַפט איצט ראָק-און-ראָל-מוזיק אויף חידוש״...

כ׳דערמאָן זיך נאָר ווי ווויל ס׳האָט מײַנס אַ לייענער,
אַ גוטער פרײַנט — און ער איז דאָך נישט איינער —

אַ קוש געטאָן גאַנץ פשוט מײַנס אַ ליד,
ווי ס׳קושט דאָס סידורל אַ פרומער ייִד, —

און כ׳קער זיך אום צו מײַנע צעלטן ווידער,
און צײַטפאַרלוסט געווין איך אָפּ מיט לידער.

# י. מאַניק

## ביבליאָגראַפישע מאַטעריאַלן

צוזאַמענגעשטעלט פון

אינזש׳ יוסף ווייַנשעל

## באַטייליקט זיך, מיטגעאַרבעט:

### אין צײַטונגען, זשורנאַלן:

אַרבעטער־וואָרט — פּאַריז.
אויף דער וואַך — תל־אביב.
אונזער וועג — ניו־יאָרק.
אונזער צײַט — ניו־יאָרק.
אילוסטר. ליט. בלעטער
— בוענאָס־אײַרעס.
אונדזער הײַנט — תל־אביב.
אומאָפּהענג. ייִד. טריבונע
— מאָנטעווידעאָ.
אונזער וועג — שיקאַגאָ.
אַרגענטינער ביימעלעך
— בוענאָס־אײַרעס.
אייגנס — תל־אביב.
די בריק — תל־אביב.
בלעטער פאַר ליטעראַטור און
קריטיק — תל־אביב.
דרום אַפריקע — יאָהאַנעסבורג.
העפטן — וואַרשע.
העפטן — חיפה.
היימיש — תל־אביב.
הײַנט — מאָנטעווידעאָ.
דאָס וואָרט — תל־אביב.
ווײַטער — ניו־יאָרק.
זײַן — ניו־יאָרק.
חשבון — לאָס־אַנגעלעס.
ייִדישע בילדער — ריגע.
ישראל־שטימע — תל־אביב.
ייִדישע צײַטונג — תל־אביב.
ידיעות פון בעס. ל״ל פאַראיין
— תל־אביב.
לעצטע נײַעס — תל־אביב.
לעבנס־פראגן — תל־אביב.
נײַוועלט — תל־אביב.

ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט.
נײַע צײַט — (אָרט אומבאַקאַנט).
די פּרעסע — בוענאָס אײַרעס.
פּראָבלעמען — תל־אביב.
פאָלקסשטימע — תל־אביב.
פרײַע אַרבעטער שטימע — ניו־יאָרק.
פאָלק און ציון — ירושלים.
פאָרויס — מעקסיקאָ.
דער פרײַער געדאַנק — פּאַריז.
צוויט — בערעסטעטשקע, פוילן.
ציון־יוגנט — ירושלים.
די צוקונפט — ניו־יאָרק.
קענעדער אָדלער — מאָנטרעאַל.
קולטור און דערציאונג — ניו־יאָרק.
קינדער־צײַטונג — ניו־יאָרק.
קאַליפאָרניער און ישראל יום־טוב
בלעטער — תל־אביב.
קרננו — ירושלים.
קינדער־זשורנאַל — ניו־יאָרק.
שטאַמען — תל־אביב.
דער שפּיגל — בוענאָס אײַרעס.

### אין עברית:

אומר — תל־אביב.
דבר־לילדים — תל־אביב.
הארץ שלנו — תל־אביב.
חיפה העובדת — חיפה.
ידיעות רמת־גן — רמת־גן.

### אין אַנטאָלאָגיעס, זאַמלשריפטן און אַז״ד:

ארץ־ישראל־שריפטן
— תל־אביב, 1937.
אונדזערס — תל־אביב, 1943.

אין אונדזער דור
— בוענאָס־איירעס, 1943.

ארץ־ישראל אין דער יידישער
ליטעראַטור — תל־אביב, 1961.

אַלמאַנאַך „יידיש"
— ניו־יאָרק, 1961.

אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער
אין ישראל — תל־אביב, 1962.

אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער
אין ישראל — תל־אביב, 1967.

בלעטער — תל־אביב, 1936.

די גאָלדענע קייט, נר׳ 51
— תל־אביב, 1965.

די גאָלדענע קייט, נר׳ 53
— תל־אביב, 1965.

גרויסער ווערטערבוך פון דער
יידישער שפראַך, באַנד I
— ניו־יאָרק, 1961.

גרויסער ווערטערבוך פון דער
יידישער שפראַך, באַנד II
— ניו־יאָרק, 1966.

היימיש, 50־סטער יובל־נומער
— תל־אביב, 1960.

וואָרצלען — תל־אביב, 1966.

ישראל־שריפטן — תל־אביב, 1955.

אין עברית:

רמת־גן בת כ"ה — רמת־גן, 1946.

ים — תל־אביב, מאַי, 1958.

ים — תל־אביב, אַפּריל, 1960.

ים — תל־אביב, אָקט. 1960.

ים — תל־אביב, מאַי, 1961.

ים — תל־אביב, דעצ. 1961.

ים — תל־אביב, מאַי, 1962.

ים — תל־אביב, נאָוו. 1962.

ים — תל־אביב, מאַי, 1963.

געשריבן אויך אונטער די נעמען:

יהושע מאַניק־לעדערמאַן.

י. מאַניק־לעדערמאַן.

צאָל שאַפונגען אין די דריי ביכער: „טריט אין באַגינען", „אין טריט פון דיין וואנדער" און „אין מיין גלעזערנעם טורעם": 286 לידער, משלים, סאַטירעס און 7 פּאָעמען. פון זיי פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע פּובליקאַציעס:

212 שאַפונגען, צווישן זיי 4 פּאָעמען.

פון זיי איבערגעדרוקט אין אַנדערע פּובליקאַציעס:

צו איין מאָל:

45 שאַפונגען, צווישן זיי 1 פּאָעמע.

צו צוויי מאָל איבערגעדרוקט:

דורכן פענצטער פון דער באַן
ירושלים
חיפה
מיר זענען היינט פאַרטאָג
ווי לאַנג דור נאָך דור
אַ מחנה קינדער
אַ בוים
חיפה (צווייט ליד)
תל־אביב
צום ים
דער לייב און דער פוקס
דער פוקס און דאָס בערל

צו דריי מאָל:

חיפה (דריט ליד)
דאָס ליכט פונעם טאָג
אויפגעבליט האָט היינט דער מאָרגן
חפצי־בה
באַלאַדע וועגן פויער אויף די חורבות
פון געטאָ
בערל צדיק און די וואַלן
שעקספיר

פיר מאָל:

מיין גאָרטן

פינעף מאָל:

עמק־יזרעאל (פאָעמע)

זעקס מאָל:

רמת־גן

## איבערזעצונגען אין אַנדערע שפּראַכן:

טריט אין באַגינען
אין ענגליש: יוסף לעפטוויטש.

טריט אין באַגינען
צווייטע איבערזעצונג אין ענגליש:
זשאַנעט שוהם.

צפת, אַ נייער טאָג (צוויי לידער)
אין ענגליש: ל. אָפּאַלאָוו.

דער נישטפאַרגינער (קינדער־דער־
ציילונג), לידער, משלים.
אין עברית: זהבה וויסמאַן.

קינדער־דערציילונגען, משלים
אין עברית: שושנה זמורה.

רמת־גן (ליד)
אין עברית: משה קוויאַטקאָווסקי.

רמת־גן
צווייטע איבערזעצונג אין עברית:
מרדכי סבר.

ים־לידער (סעריע) אין עברית:
מרדכי סבר.

ר׳ טוביה און דער לייב (קינדער־
דערציילונג) אין עברית:
אפרים תלמי.

## וועגן מאַניקן אין צייטונגען און זשורנאַלן:

**באַטאָשאַנסקי, יעקב**

אַ יידישער דיכטער, וואָס האָט געזונ־
גען מיטן האַמער. **די פּרעסע, בוענאָס־
איירעס, אָקט. 16, 1956.**

**בלום, אליעזר**

י. מאַניקס „טריט אין באַגינען״. **די
צוקונפט, ניו־יאָרק, יולי־אויגוסט, 1957.**

**בראָנשטיין, יחזקאל**

חלומות פאַרוואַנדלט אין לידער. י.
מאַניק: „טריט אין באַגינען״. **וויטער,
ניו־יאָרק, יולי־אויגוסט, 1957.**

**בראָנשטיין, יחזקאל**

מיין היים, מיין שילד, מיין וואָפן (י.
מאַניק: „אין טריט פון דיין וואַנדער״.
**דער קענעדער אַדלער, מאָנטרעאַל,
קאַנאַדע, אויגוסט 8, 1964.**

**בראָנשטיין, יחזקאל**

מיין היים, מיין שילד, מיין וואָפן (י.

מאַניק: „אין טריט פון דײַן וואַנדער". **ישראל־שטימע, תל־אביב, סעפ. 2, 1964.**

**בראָנשטיין, יחזקאל**
מײַן היים, מײַן שילד, מײַן וואָפן. **ידיעות פון איגוד יוצאי בסרביה, תל־אביב, אויגוסט, 1965.**

**גלאַטשטיין, יעקב**
אַ אידישער דיכטער אין חיפה. **דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק, יולי 12, 1964.**

**וואָלפע, דוד**
דער ייִדיש סאָלאָ־זינגער פון חיפה, (י. מאַניק: „טריט אין באַגינען"). **דרום אַפריקע, יאָהאַנעסבורג, מאַי 2, 1956.**

**יפה, מרדכי**
ישראל־מאָטיוון בײַ י. מאַניק. **לעבנס־פראַגן, תל־אביב, נאָוו.־דעצ. 1956.**

**יחיאלי, מ.**
אין טריט פון אונדזער באַגינען (י. מאַניק: „טריט אין באַגינען"). **הײַנט, מאָנטעווידעאָ, פעב. 20, 1959.**

**יאַסני, א. וואָלף**
י. מאַניק: „טריט אין באַגינען". **לעצטע נײַעס, תל־אביב, נאָוו. 18, 1955.**

**לייבל, דניאל**
דיסקרימינאַציע אָדער נישט? **נײַ־וועלט, תל־אביב, יוני 11, 1952.**

**לעבעדיקער (דער)**
אויפן ליטעראַרישן יאַריד. **טאָג־מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק, מערץ 11, 1956.**

**לעבעדיקער (דער)**
אויפן ליטעראַרישן יאַריד. **טאָג־מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק, אויגוסט 12, 1956.**

**פאַנער, י.**
לידער פון זוניקן הי (י. מאַניק: „טריט אין באַגינען"). **פאָלק און ציון, ירושלים, אַפריל, 1957.**

**ראַפּאָפּאָרט, י.**
בײַם לייענען דרײַ נומערן „די גאָלדענע קייט". **די ייִדישע פּאָסט, מעלבורן, אויסטראַליע, יוני 3, 1966.**

**ראַפּאָפּאָרט, י.**
בײַם לייענען דרײַ נומערן „די גאָלדענע קייט". **אונזער קיום, פּאַריז, מאַי, 1966.**

**שנײַדערמאַן, אברהם**
יהושע מאַניקס „מעטאַלענע קווייטן". **צוויט, וואַרשע־בערעסטעטשקע, מאַי, 1938.**

**שאַרגעל, י. צ.**
„טריט אין באַגינען". **ישראל־שטימע, תל־אביב, אויגוסט 6, 1959.**

**שחריה, י.**
מאַניק, דער דיכטער. „טריט אין באַגינען". פון י. מאַניק. **ייִדישע צײַטונג, תל־אביב, אָקט. 2, 1959.**

## אין עברית:

**יפה, מרדכי**
צעדים עם שחר. **הבוקר, תל־אביב, יולי 13, 1956.**

**פאַנער, י.**
שירת י. מאַניק (לעופעת ספרו: „טריט אין באַגינען"). **דבר, תל־אביב, דעצ. 27, 1957.**

**רן, יצחק**
המשורר וראש־העיר. **על המשמר, תל־אביב, מאַי 7, 1964.**

**שה־לבן, יוסף**
י. מאַניק והמיוחד בשירתו. **חיפה העובדת, אַפריל 16, 1965.**

## וועגן מאַניקן אין ביכער:

**בראַנשטיין, יחזקאל**

חלומות פאַרוואַנדלט אין לידער (י. מאַניק: „טריט אין באַגינען"): **איינ־נעם און באַזונדער, תל־אביב, 1960,** זז' 138 — 145.

**בראַנשטיין, יחזקאל**

מיין היים, מיין שילד, מיין וואָפן, י. מאַניק: „אין טריט פון דיין וואַנ־דער". **אין פּרדס פון יידיש, תל־אביב,** 1965, זז' 94—100.

**ראַוויטש, מלך**

י. מאַניק־לעדערמאַן. **מיין לעקסיקאָן, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע,** זז' 252—253.

**לעקסיקאָן פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור**

פיפטער באַנד. **אַרויסגעגעבן פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס,** ניו־יאָרק, 1963, שפּאַלטן 458—459.

## י. מאַניק אין פרעמדע שפּראַכן:

### אין ענגליש:

באַטייליקט זיך אין זשורנאַלן:

BITTERROOT — New York.

### אין אַנטאָלאָגיעס:

THE GOLDEN PEACOCK.
**A World Wide Treasury of Yiddish Poetry.** London, 1939.

THE GOLDEN PEACOCK.
**Second Edition,** New York—London, 1961, P.P. 579—99.

### וועגן מאַניקן:

LIPTZIN SOL:
**Poet is Master of The Clearly Drawn Image. In Trit fun Dain Wander. by Joshua Manik-Lederman.** Jewish Bookland, New York, Sept. 1964.

### אין דייטש:

RUCKENSTEIN SABINA:
**Der Jüdische Dichter Manek.** Jüdische Rundschau, Basel, Feb. 9, 1962.

RUCKENSTEIN SABINA:
**Der Dichter Manek und sein Neues Werk (In Trit fun dein Wander).** Jüdische Rundschau, Basel, Oct. 17, 1965.

### נאָטיצן וועגן מאַניקן
(אין ענגליש):

ROBACK A. A.:
**Yiddish Literature.**
World Jewish Congress. The Institute Anniversary Volume (1941-1961), New York, 1962, PP. 260, 283.

ENCYCLOPAEDIA BRITANNICA.
**1965, Book of the Year. Events of 1964.** Printed in U. S. A., P. 501, C. 2.

# תוכן

## ווילדגראָז



## קאַרוסעל

## די וועלט איז אַ בינע



## סתם אַזוי



## אַטאָמישע גליקן



## אָפענע סודות

סאַטירע

חי — געלעבט



## י. מאַניק

ביכער פון זעלבן מחבר:

מעטאַלענע קוויטן, לידער — תל־אביב, 1936

איך, פּאָעמע — חדרה, 1941

טריט אין באַגינען, לידער — חיפה, 1955

אין טריט פון דײַן וואַנדער, לידער — תל־אביב, 1964

אין מײַן גלעזערנעם טורעם, משל און סאַטירע — תל־אביב, 1968

ווערט געגרייט צום דרוק:

טריט אין באַגינען, אין ענגלישער איבערזעצונג